# ל. מ. שטיין — 70 יאָר

## אָנדענקבוך

אַרויסגעגעבן דורך

ל. מ. שטיין־יובל־קאָמיטעט

און

שיקאַגער קאָמיטעט פון יִוואָ

שיקאַגאָ

1953

*L. M. Stein — Zibetsik Yor*

# THE L. M. STEIN BOOK

## In Honor of His Seventieth Birthday

Printed in the U.S.A.
**WALDON PRESS, Inc.**
203 Wooster Street, New York 12, N. Y.
341

# פֿאָרוואָרט פֿון די אַרויסגעבערס

דער זיבעציקסטער געבוירן־טאָג פֿון דעם קולטור־טוער און פֿאַרלעגער ל. מ. שטיין איז אַ דאַטע, וואָס דאַרף געפֿייַערט ווערן דורך דער גאַנצער ייִדישער קולטור־וועלט.

אין משך פֿון די לעצטע פֿופֿציק יאָר זייַנען געווען ווייניק מענטשן, וואָס קענען זיך פֿאַרגלייַכן מיט ל. מ. שטיינען אין זייַן אומדערמידלעכער און געטרייַער דינסט אויף אַלע געביטן פֿון ייִדישער קולטור־טעטיקייט.

עס איז אַ כּבֿוד און אַ פּריווילעגיע פֿאַר די פֿרייַנד פֿון דער ייִדישער קולטור אין שיקאַגאָ צו האָבן ל. מ. שטיינען צווישן זיך. ל. מ. שטיין איז אַ צירונג פֿאַר דער שיקאַגער ייִדישער קולטור־משפּחה.

דער שיקאַגער ייִוואָ־קאָמיטעט און דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט בכלל האָבן גאַנץ באַזונדערע סיבות צו שטאָלצירן מיט דער טעטיקייט פֿון ל. מ. שטיינען. אונדזער הייַנטיקע אויסגאַבע צו זייַן זיבעציקסטן געבוירן־טאָג ברענגט צום אויסדרוק דעם דרך־ארץ און די ליבשאַפֿט פֿון דער גאַנצער ייִדישער קולטורוועלט צו אונדזער בן־עיר ל. מ. שטיין.

אין הסכּם מיטן ווילן פֿון יובילאַר, וועט די הכנסה פֿון דער דאָזיקער אויסגאַבע אָפּגעגעבן ווערן דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק אויף אַ גאַנץ ספּעציעלן צוועק, וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן אָפּגעראַטעוועטן ווילנער ייִוואָ־אַרכיוו.

ל. מ. שטיין־יובֿל־קאָמיטעט

שיקאַגאָ
דעצעמבער, 1953

# אינהאַלט




פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבערס — 7

באַגריסונג פון דער אָנפירונג פון ייוואָ — 9

באַגריסונג פון שיקאַגער ייוואָ־קאָמיטעט — 10

ביאָגראַפיע פון ל. מ. שטיין — 13–36

אַרטיקלען און זכרונות וועגן ל. מ. שטיין — 39–91

אויסגאַבעס פון פאַרלאַג ל. מ. שטיין (טאַבעלע) — 92–94

באַגריסונגען — 97–




## באַטייליקטע אינעם זשורנאַל

(לויטן אַלף־בית)


זייט

אַלטשול חנה (שיקאַגאָ) — 69
אָפּאָטאָשו יוסף (ניו־יאָרק) — 41
באָדין סאל (שיקאַגאָ) — 52
באָרדאָ־ריווקין מינא (ניו־יאָרק) — 90
בימקאָ פישל (ניו־יאָרק) — 71
ביקל שלמה, ד״ר (ניו־יאָרק) — 48
בלומענפעלד שמואל נ., ד״ר (שיקאַגאָ) — 82
בעז ח. (ניו־יאָרק) — 89
בערקאָוויטש שלמה (לאָס אַנדזשעלעס) — 90
בראָנשטיין מ., ד״ר (שיקאַגאָ) — 62
גאָלאָמב א. (מעקסיקע) — 68
גוטמאַן שואל (ניו־יאָרק) — 89
גלאַנץ־לעיעלעס א. (ניו־יאָרק) — 43
גלייבערמאַן מ. (מיאַמי) — 90
גראַדע חיים (ניו־יאָרק) — 58
גרוזמאַן י. ל. (בוענאָס־איירעס) — 84
דובאָוו י. א. (שיקאַגאָ) — 41
דייטש מאַטעס (לאָס־אַנדזשעלעס) — 83
דייטש שמעון (שיקאַגאָ) — 45
האָנאָר לעאָ ל., ד״ר (פילאַדעלפיע) — 91
האַרעקער נ. ל. (שיקאַגאָ) — 42
הערשפעלד־פּאָמעראַנץ פעסי (ניו־יאָרק) — 70
וואַסער מ. (ניו־יאָרק) — 68
וואַקסמאַן מאיר, ד״ר (שיקאַגאָ) — 35
ווישניצער רחל (ניו־יאָרק) — 56
וויינרייך מאַקס, ד״ר (ניו־יאָרק) — 46
זיסקינד מאָריס (שיקאַגאָ) — 79
זרבבל (תל־אביב) — 53
טוזמאַן מלכה ח. (לאָס־אַנדזשעלעס) — 76
טשאַרני דניאל (ניו־יאָרק) — 51
יוּווילער מאַרק (ניו־יאָרק) — 49
כאַנין נ. (ניו־יאָרק) — 60
ליפּצין סאל, ד״ר (ניו־יאָרק) — 48
ליפשולץ מ. א. (שיקאַגאָ) — 71
לייוויק ה. (ניו־יאָרק) — 51
לעהרער ליפּע (ניו־יאָרק) — 54
לעהרער לייבוש (ניו־יאָרק) — 47
לעווין יעקב (ניו־יאָרק) — 73

זייט

מאַלץ שאול (ניו־יאָרק) — 75
מאַנדעלמאַן מ. (ניו־יאָרק) — 56
מוקדוני א., ד״ר (מיאַמי) — 47
מיללער ש. (לאָס־אַנדזשעלעס) — 56
מעלאַמדאָוויטש י. (שיקאַגאָ) — 88
מערקי ראָבערט דזש. (שיקאַגאָ) — 74
נאַטאַנסאָן וו. (שיקאַגאָ) — 78
נאַקס עזריאל, ד״ר (ניו־יאָרק) — 86
ניגער ש. (ניו־יאָרק) — 39
סיגעל י. (שיקאַגאָ) — 40
סילווערמאַן ה. (שיקאַגאָ) — 82
סימען פיליפּ ל., ד״ר (לאָס־אַנדזשעלעס) — 91
עלקין מענדל (ניו־יאָרק) — 54
פישמאַן יעקב הערש (ניו־יאָרק) — 85
פּאַט י. (ניו־יאָרק) — 55
פּאַלין מ. ל. (שיקאַגאָ) — 61
פּאַלישוק י. ש., ד״ר (שיקאַגאָ) — 57
פּאָמעראַנץ י. ח. (ניו־יאָרק) — 77
פּופּקאָ ח. (ניו־יאָרק) — 83
פּינסקי דוד (חיפה) — 53
קאַצענעלענבאָגען אוריה (ניו־יאָרק) — 63
קאָרמאַן עזרא (דעטראָיט) — 64
קלינג בערטאַ (ניו־יאָרק) — 87
קראַוועץ נפתלי (שיקאַגאָ) — 69
ראַוויטש מלך (מאָנטרעאָל) — 60
ראָבאַק א. א., ד״ר (קעימברידזש) — 76
ראָזענטאַל יהודה, ד״ר (שיקאַגאָ) — 84
ריבקינד יצחק (ניו־יאָרק) — 49
רויזענבלאַט ה. (לאָס־אַנדזשעלעס) — 72
רייזען שרה (ניו־יאָרק) — 87
שאַצקי יעקב, ד״ר (ניו־יאָרק) — 44
שולוואַס משה א., ד״ר (שיקאַגאָ) — 67
שוואַרץ פּנחס (ניו־יאָרק) — 50
שוואַרץ שלמה (שיקאַגאָ) — 46
שטאַרקמאַן משה (ניו־יאָרק) — 62
שטיינבערג נח (קליוולאַנד) — 66
שייער דוד (שיקאַגאָ) — 91
שמן נ. (טאָראָנטאָ) — 65
שפּיזמאַן ל. (ניו־יאָרק) — 48

# באַגריסונג פֿון דער אָנפֿירונג פֿון ייִוואָ

די אָנפֿירנדיקע קערפּערשאַפֿטן פֿון ייִוואָ דאַנקען דעם שיקאַגער ייִוואָ־קאָמיטעט פֿאַר דער איניציאַטיוו צו פֿײַערן דעם 70סטן געבוירן־טאָג פֿון ל. מ. שטיין, איינעם פֿון די איבערגעגעבנסטע ייִוואָ־טוערס, מיטגליד פֿון דעם דירעקטאָרן־ראַט פֿון ייִוואָ זינט די אינסטאַנץ איז אין 1943 געשאַפֿן געוואָרן, און דעם ערשטן און שטענדיקן קאַסיר פֿון דער שיקאַגער ייִוואָ־אָרגאַניזאַציע.

דער ייִוואָ באַגריסט האַרציק דעם בעל־היובֿל און ווינטשט אים אַ סך יאָרן פֿון פּערזענלעכן גליק און פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט מיט ווײַטערדיקע ממשות־דיקע אויפֿטוען.

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט — ייִוואָ

**האָראַס מ. קאַלען**
פּאָרזיצער פֿון אַקאַדעמישן ראַט

**לויִס ה. סאָבעל**
פּאָרזיצער פֿון דירעקטאָרן־ראַט

**נתן רײַך**
פּאָרזיצער פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער קאָלעגיע

**יודל באָרנשטיין**
פּאָרזיצער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג

# באַגריסונג פֿון שיקאַגער ייִוואָ־קאָמיטעט

27 יאָר פֿון געטרײַער, איבערגעגעבענער און פֿרוכפּערדיקער אַרבעט צו העלפֿן אויפֿהאַלטן, באַפֿעסטיקן און אויסברייטערן די גײַסטיקע פּעריפֿעריע פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט, זענען גרויסע פֿאַרדינסטן, פֿאַר וועלכע דער שיקאַגער ייִוואָ־קאָמיטעט באַגריסט אונדזער ליבן חבֿר ל. מ. שטיין צו זײַן זיבעציקסטן געבוירן־טאָג.

חבֿר שטיין האָט במשך די פֿאַרגאַנגענע 27 יאָר אַרײַנגעבראַכט און אויפֿגעהאַלטן אין אונדזער סבֿיבֿה דעם פּיאָנערישן גײַסט פֿון ייִוואָ.

די ייִוואָ־טעטיקייט איז זײַן אומפֿאַרבײַטלעכע לעבנס־שליחות. זי באַווירקט און באַוועגט אַלע זײַנע אַנדערע קולטור־טעטיקייטן. מיט שטיינען אין דער אָנפֿירונג פֿון ייִוואָ באַקרעפֿטיקט זיך בײַ אונדז אַלעמען דער מוט און דער גלויבן אין אונדזערע צוקונפֿטיקע אויפֿטוען לטובֿת דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט.

מיר ווינטשן ל. מ. שטיינען אַ סך געזונטע און צופֿרידענע יאָרן אין זײַן ווײַטערדיקער קולטור־אַרבעט.

י. **דובאָוו,** פֿאָרזיצער
**וועלוול בראַמסאָן,** סעקרעטאַר

די לעבנס־באַשרײַבונג פֿון ל. מ. שטיינען, וואָס מיר ברענגען אין אונדזער הײַנטיקן יובל־זשורנאַל, שטיצט זיך אויף מאַטעריאַלן פֿון פֿאַרשיידענע קוואַלן.

פֿריִער פֿון אַלעם זײַנען אויסגענוצט געוואָרן די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן געבראַכט אין דער ביאָגראַפֿיע פֿון ל. מ. שטיינען אינעם בוך, וואָס דער שיקאַגער שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1938 לכּבֿוד דעם 25יאָריקן יובילײ פֿון ל. מ. שטיינס קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט (ל. מ. שטיין יובל־בוך, שיקאַגאָ, 1938)

די ביאָגראַפֿיע אין יענעם בוך איז געשריבן געוואָרן דורך די פֿרײַנד ג. ל. האַרעקער, י. ח. פּאָמעראַנץ און א. פּראָוואָטינער.

אונדזער הײַנטיקע ביאָגראַפֿיע ברענגט אַ רײ נײַע פֿאַקטן, וואָס זײַנען, ווי געזאָגט, צונויפֿגעקליבן געוואָרן פֿון פֿאַרשיידענע קוואַלן. פֿאַר דעם צוועק זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן קאָנסולטאַציעס מיט אַ רײ פֿרײַנד און באַקאַנטע פֿונעם בעל־היובֿל.

מיר באַדויערן זייער, וואָס ל. מ. שטיין האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אונדז צוצושטעלן זײַן גאַנצן פּריוואַטן אַרכיוו — די פֿאַרצווײַגטע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיך בײַ אים אָנגעקליבן. דאָס איז אַ קולטור־היסטאָרישער אוצר. אונדז איז געלונגען זיך צו באַקענען מיט אייניקע טיילן פֿון דאָזיקן אַרכיוו און פֿון דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ. די אינפֿאָרמאַציע, וואָס מיר האָבן דאָרטן געפֿונען, איז אויסגענוצט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע קאַפּיטלען פֿון דער ביאָגראַפֿיע.

1

## ערשטע אײַנפֿלוסן

ל. מ. שטיין איז געבוירן געוואָרן אינעם שטעטל בעריסלאַוו (כערסאָנער גובערניע) אין יאָר 1883. זײַן אמתער נאָמען איז יצחק לייב פּראַדקין. די שטובּיקע און זײַנע חבֿרים אין שטעטל האָבן אים גערופֿן „ליאָוואַ". דער דאָזיקער נאָמען איז מיט אים מיטגעגאַנגען אַ גרויסן טייל פֿון זײַן לעבן. אויך אין זײַנע יונגע יאָרן אין אַמעריקע האָבן פֿיל מענטשן אים געקענט אונטערן דאָזיקן נאָמען.

דאָס שטעטל בעריסלאַוו ליגט אויסגעשפּרייט איבער אַ הויכן באַרג בײַ דעם דניעפּער. דאָרט, בײַם דניעפּער, איז דער יונגער ליאָוואַ געוואַקסן. דאָרט האָט ער אײַנגעזאַפּט אין זיך די שיינקייטן פֿון דער נאַטור. דאָרט, אויפֿן בעריסלאַווער באַרג, אין די בעריסלאַווער טאָלן אַרום דעם באַרג, אין די סודותדיקע וועלדלעך אַרום דעם שטעטל, האָט זיך אויסגעפֿורעמט די טרוימעריש געשטאַלט פֿון דעם יונגן ליאָוואַ — דעם שפּעטערדיקן ל. מ. שטיין.

אָבער דאָס שטעטל איז נישט געווען דער איינציקער קוואַל פֿון אײַנפֿלוס אויפֿן יונגן אוקראַיִניש־ייִדישן בחור. נישט קיין קלענערע השפּעה האָט געהאַט אויף אים זײַן פֿאָטער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַנע קינסטלערישע ניגונים: ער האָט ליב געהאַט צו שניצן פֿיגורן פֿון האָלץ, צו מאָלן בלומען אויף גלאָז אד"גל.

מאיר פּראַדקין, ל. מ. שטיינס פֿאָטער, האָט געצויגן חיונה פֿון תּבֿואה־האַנדל. די פּרנסה איז קיין מאָל נישט געווען צו גרויס. אָבער שפּעטער, ווען דאָס שכנותדיקע שטעטל קאַכאָווקע איז געוואָרן דער צענטער פֿון תּבֿואה־האַנדל, איז די פּרנסה געוואָרן נאָך מאָגערער.

מאיר פֿראַדקין איז אַליין נישט געווען קיין תּבֿואה־סוחר — ער איז געווען בלויז אַן אָנגעשטעלטער בײַ תּבֿואה־סוחרים. ווען דאָס געשעפֿט, וווּ ער האָט געאַרבעט, האָט זיך שפּעטער אַריבערגעטראָגן קיין קאַכאָווקע, האָט מאיר פֿראַדקינס משפּחה געלעבט אין דחקות און די קינדער האָבן יונגערהייט געמוזט אָנהייבן זאָרגן פֿאַר זיך.

ליאָווע פֿראַדקין, דער שפּעטערדיקער ל. מ. שטיין, האָט פֿאַר דער צײַט באַוויזן דורכצומאַכן די ערשטע שטופּעס פֿון אַ רוסישער רעגירונגס־שול און פֿון חדר. צו 13 יאָר האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן.

דאָס יונגע ייִנגל האָט געפּרוּווט מזל אין פֿאַרשיידענע פֿאַכן. ער האָט געאַרבעט אין אַ מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט, בײַ אַ רימער און אויך אין אַ בוכבינדערײַ בײַ זײַנעם אַ קרובֿ אין שכנותדיקן אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אָ ו ו ס ק.

בוכבינדערײַ האָט בײַ אים אויסגענומען. פֿון די ייִנגסטע יאָרן אָן האָט דעם יונגן בחור געצויגן צו ביכער. דער ריח פֿון פֿריש־געדרוקטער פֿאַרב פֿלעגט אים פֿאַרשיכּורן. די נײַע באַשעפֿטיקונג האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט אַ סך צו לייענען. זינט יענע יונגע יאָרן איז דאָס בוך געוואָרן די טײַערסטע און ליבסטע זאַך אינעם לעבן פֿון אונדזער ל. מ. שטיין. אים האָט באַזונדער געצויגן צו ביכער וועגן קונסט, וועגן טעאַטער און וועגן מאָלערײַ.

## 2

## מ אָ ר ג נ ר ו י ט

אין עלטער פֿון 16 יאָר איז ליאָווע פֿראַדקין געבליבן אַ יתום. ווען זײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן, איז דער 16יאָריקער יצחק לייב געוואָרן דער פּרנסה־געבער פֿאַר זײַן מוטער און די איבעריקע פֿיר קינדער, דרײַ ייִנגלעך און איין מיידל (ל. מ. שטיינס שוועסטער און דער ייִנגסטער ברודער וווינען אין סאָוועט־רוסלאַנד און צוויי ברידער זײַנע וווינען אין אַמעריקע).

האָבנדיק גוט זיך אויסגעלערנט דאָס פֿאַך, האָט דאָס 16יאָריקע ייִנגל באַשלאָסן צו ווערן אַן אונטערנעמער — ער האָט פֿאַרלייגט אַן אייגענע בוכבינדערײַ.

ליאָווע פֿראַדקין איז יונגערהייט געוואָרן אַ רײַפֿער מאַן. די זאָרג פֿאַר פּרנסה פֿון איין זײַט, דאָס פּסדרדיקע לייענען און שטודירן ביכער פֿון דער צווייטער זײַט האָבן ליאָוון רײַף געמאַכט.

ווי אַ סך יונגע בחורימלעך אין יענע יאָרן איז ליאָווע פֿראַדקין גאָר פֿרי געוואָרן אַ סאָציאַליסט. שוין אין אַלעקסאַנדראָווסק, ווען ער האָט געאַרבעט אין דער בוכבינדערײַ פֿון זײַן קרובֿ, האָט ליאָווע פֿראַדקין אײַנגעזאַפּט אין זיך סאָציאַליסטישע אידעען. שפּעטער, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין בעריסלאַוו און דאָרטן אָנגעפֿירט מיט זײַן אייגענער בוכבינדערײַ, איז ער געווען צווישן די באַוווּסטזיניקסטע יונגע־לײַט אין שטעטל. זײַן שטים איז אָפֿט געהערט געוואָרן אין די דיסקוסיעס פֿון דער שטעטלשער יוגנט. ציוניזם און סאָציאַליזם האָבן אין יענע יאָרן געפֿירט אַ פֿאַרביסענע מלחמה פֿאַר די הערצער און מוחות פֿון דער ייִדישער יוגנט אין רוסלאַנד.

ליאָוואַ איז געווען אַן איבערגעצייַגטער סאָציאַל־דעמאָקראַט. אַ „איסקראָוועץ״. ער האָט אויפֿגעבויט אין שטעטל אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פֿון „איסקראָווצעס״ און ער איז געווען איר פֿירער.

אין יאָר 1905 האָט בעריסלאַוו, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד, איבערגעלעבט פֿריִער די דערהויבנקייט פֿון דער ערש־טער רוסישער רעוואָלוציע און דערנאָך — דעם שרעקלעכן פּאָגראָם־געשפּענסט.

דאָס שטעטל בעריסלאַוו האָט געציטערט פֿאַר אַ פּאָגראָם. מיט די הענט האָט מען אָנגעוויזן אויף די שטעטלשע קריסטלעכע כוליגאַנעס, וואָס האָבן זיך געגרייט צו באַפֿאַלן די יידישע באַפֿעלקערונג.

ליאָוואַ און נאָך עטלעכע יונגע־לײַט האָבן אָרגאַניזירט אין שטאָט אַ זעלבסטשוץ. די בעלי־בתּים פֿון שטאָט האָבן אויפֿגעקליבן אַ גרעסערע סומע געלט אויף אײַנצוקויפֿן געווער. מען האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון קאַכאָווקע אַ גאַנצן קאַסטן מיט געווער. די זעלבסטשוץ, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון יידישע און קריסטלעכע יונגע־לײַט, איז עטלעכע טעג געווען מאָביליזירט — גרייט צו אַ שלאַכט מיט די כוליגאַנעס. די זעלבסטשוץ האָט געהאַט אויך אַן אָפּטיילונג פֿון עטלעכע און צוואַנציק רײַטערס אויף פֿערד. בעת דעם פּראַוואָסלאַוונעם יום־טובֿ פּאַסכע, האָט די זעלבסטשוץ זיך פֿאַר־מאָסטן מיט די כוליגאַנעס.

הינטערן שטעטל האָבן זיך פֿאַרזאַמלט מאַסן פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער. שוואַרץ־מאהניקעס האָבן אויפֿגעהעצט די פּויערים און די צערייצטע מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום שטעטל.

די זעלבסטשוץ איז אַרויס אַנטקעגן. זייערע רײַטערס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דעם צערייצטן המון און אים פֿונאַנדערגעטריבן. דאָס שטעטל האָט אַזוי אַרום אויסגעמיטן אַ פּאָגראָם.

ליאָוואַ פֿראַדקין איז אין יענע טעג געווען אין שטעטל דער העלד פֿון טאָג. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן פֿונאַנדערטרײַבן דעם המון. צוזאַמען מיט נאָך צוויי יונגע־לײַט האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן איבער די קריסטלעכע גאַסן פֿונעם שטעטל און גע־נומען רעווידירן יעדן איינעם, וואָס האָט אויסגעזען פֿאַרדעכטיק.

בײַ נאַכט האָבן כוליגאַנעס גענומען ברעכן שויבן אין יידישע פֿענצטער. ליאָוואַ איז אַרויס אין מיטן גאַס און גענומען שיסן. די כוליגאַנעס האָבן זיך דערשראָקן און זיך פֿונאַנדערגעלאָפֿן.

אַן ענלעכע זאַך איז זיך פֿאַרלאָפֿן ווען ליאָוואַס קרובֿ א י ל י אַ ק אַ מ י נ ס ק י האָט געהאַלטן בײַם אָפּפֿאָרן פֿון שטעטל ווי אַ דעלעגאַט צו אַ ציוניסטישן צוזאַמענפֿאָר. בײַם דניעפּער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט זייער פֿיל מענטשן, וואָס זײַנען געקומען באַגלייטן דעם דעלעגאַט. עס איז געווען בײַ נאַכט. פּלוצעם איז אויף די פֿאַרזאַמלטע אַראָפּגע־פֿאַלן אַ האָגל שטיינער. עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה — פֿרויען און קינדער האָבן געוויינט, געחלשט. ליאָוואַ פֿראַדקין האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און גענומען שיסן צו די כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפֿן. ליאָוואַ און זײַנע חבֿרים האָבן זיי נאָכגעיאָגט ביז עס איז אָנגעקומען פּאָליציי און האָט אַרעסטירט די שוואַרץ־מאהניקעס.

3

# שטורעם

די רעוואָלוציע פֿון יאָר 1905 האָט געהאַלטן געשפּאַנט די יוגנט אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך פֿון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, ליטע און פּוילן. דאָס שטעטל בעריסלאַוו איז נישט געווען קיין אויסנאַם.

דראַמאַטישע געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די גרויסע שטעט פֿון דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד: מאַסנסטרײַקן, גרויסע דעמאָנסטראַציעס, שטורעמדיקע פֿאַרזאַמלונגען. מען האָט אָפֿן געפֿאָדערט אײַנצופֿירן אין לאַנד פּאָליטישע פֿרײַהייט.

די יוגנט פֿון די קליינע שטעטלעך האָט זיך געריסן צו מעשׂים. אין די שטעטלעך זײַנען געדרוקט געוואָרן לאָקאַלע פּראָקלאַמאַציעס און עס איז מאַסנווײַז פֿאַרשפּרייט געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פֿון די גרעסערע שטעט.

ליאָוואַ פֿראַדקין און נאָך עטלעכע זײַנע חבֿרים זײַנען סוף־כּל־סוף אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי אָפּגעשיקט קיין כערסאָן. אַ שטיקל צײַט האָבן זיי זיך אַרומגעוואַלגערט אין די כערסאָנער טורמעס. אָבער אויך אין טורמע איז ליאָוואַ נישט געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט. ער האָט באַקענט אַרעסטירטע פּויערים מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן געדאַנק. אין טורמע זײַנען כּסדר אָנגעגאַנגען דעבאַטעס. דערצו נאָך איז מען געהיים געווען פֿאַרבונדן מיט די חבֿרים אויף דער פֿרײַ.

אין טורמע האָט ליאָוואַ פֿראַדקין דורכגעמאַכט אַ דרײַטאָגיקן הונגערסטרײַק. ענדלעך זײַנען די בעריסלאַווער יונגע־לײַט באַפֿרײַט געוואָרן. זיי זײַנען אָפּגעפֿאָרן אַהיים. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוואַרט אויף זיי בײַם ברעג פֿונעם דניעפּער־טײַך.

נישט לאַנג נאָך דעם איז ליאָוואַ מיט זײַן פֿאַמיליע אַריבערגעפֿאָרן קיין אַלעקסאַנדראָווסק. דאָרט האָט ער ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער בוכבינדערײַ פֿון זײַן קרובֿ. פֿאַרשטייט זיך, אַז זײַן גאַנצע פֿרײַע צײַט האָט ליאָוואַ אָפּגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ער איז זייער גיך געוואָרן פּאָפּולער אין אַלעקסאַנדראָווסק. ער איז געווען טעטיק אין פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין, וואָס האָט זיך געהאַט געגרינדעט. באַזונדער איז די שטאָט געוואָרן אויפֿגעשטורעמט צוליב זײַן מוטיקן אַרויסטריט אין שוץ פֿון גימנאַזיסטקעס, וואָס זײַנען באַזײַטיקט געוואָרן פֿון שול צוליב זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. ליאָוואַס מוטיקע אַרויסטרעטונג לטובֿת די גימנאַזיסטקעס האָט געמאַכט אינעם שטעטל אַזאַ טיפֿן רושם, אַז עס זײַנען דעמאָלט געשיקט געוואָרן וועגן דעם קאָרעספּאָנדענצן צו די צענטראַלע רעוואָלוציאָנערע צײַטונגען.

ליאָוואַס רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין אַלעקסאַנדראָווסק האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ נײַעם אַרעסט. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע מאָנאַטן אין טורמע, האָט מען אים ווידער באַפֿרײַט. זינט דאַן איז ער געווען געצוווּנגען צו לעבן אומלעגאַל. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט אַ פּאַספּאָרט אויפֿן נאָמען שטיין. אָבער דאָס אויסבאַהאַלטן זיך איז

אַנגעקומען אַלץ שווערער און שווערער. סוף־כּל־סוף האָט ליאָווע באַשלאָסן אָפּצופּאָרן קיין אַמעריקע. אונטערן נאָמען ל. מ. שטיין האָט ער זיך געלאָזן איבער דער „גרינער גרענעץ". צוזאַמען מיט אים איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד זײַן שפּעטערדיקע פרוי סאָניע.

נאָוועמבער 1907 איז ליאָווע פֿראַדקין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן זײַן נײַ לעבן.

4

## אויף נײַער ערד

באַלד נאָכן אָנקומען קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן ל. מ. שטיינס געבענטשט פֿאַמיליע־לעבן מיט זײַן פֿרוי סאָניע. זי איז פֿאַר אים אַלע יאָרן אַן אידעען־פֿרײַנד און אַ גרויסע שטיצע אין אַלע זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע אונטערנעמונגען. צוזאַמען מיט זייערע צוויי טעכטער עטל און מרים שטעלן די שטיינס פֿאַר מיט זיך אַ מוסטער־האַפֿטע משפּחה.

אָראָפּגייענדיק פֿון דער שיף איז ל. מ. שטיין אַלט געווען 24 יאָר. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט דאָ — אין אַמעריקע — נישט נאָר קאָנען ממשיך זײַן זײַן אידעיִש לעבן, נאָר ער וועט אויך זיך דאָ קאָנען אײַנאָרדענען מאַטעריעל.

אײַנבינדערײַ איז אין יעדן לאַנד אַ גוט פֿאַך. אָבער דאָס יאָר 1907 איז אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן נישט געווען קיין לײַכט יאָר. עס האָט געהערשט אַ קריזיס און עס איז שווער געווען צו געפֿינען אַרבעט אין ל. מ. שטיינס פֿאַך.

פֿאַרן רוסיש־ייִדישן אינטעליגענט פֿון בעריסלאָוו האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער וועג פֿון יעדן אימיגראַנט. נישט קענענדיק זיך אײַנאָרדענען אין זײַן פֿאַך, האָט ער גענומען זוכן אַרבעט בײַ וואָס עס לאָזט זיך. אָבער אויך דאָס איז נישט אָנגעקומען לײַכט. ענדלעך האָט ער באַקומען אַ שטיקל פֿאַרדינסט: ער האָט געוואַשן פֿענצטער אין געשעפֿטן און אין פּריוואַטע וווינונגען.

קיין סך פּרנסה האָט עס נישט געגעבן. ל. מ. שטיין האָט ווײַטער געזוכט. זײַן צווייט „פֿאַך" איז געווען שטובן־מאָלערײַ. אַ האַלב יאָר צײַט האָט ער געאַרבעט אין דאָזיקן פֿאַך — געמאָלן שטובן, געהאָנגען טאַפּעטן אויף ווענט. אַ שטיקל צײַט האָט ער געאַרבעט בײַ יענעם. שפּעטער האָט ער געפּרוּווט מזל צו אַרבעטן אויף אייגענער האַנט (צוזאַמען מיט אַ שותּף). זײַן פֿרוי סאָניע איז אויך אַוועק אַרבעטן. פֿון דער היים איז זי געווען אַ זאָקן־מאַכערקע. דאָ, אין אַמעריקע, האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרדינען בײַ שנײַדערײַ.

אָבער דאָס אַלץ זײַנען געווען צײַטווײַליקע זאַכן. עס האָט ל. מ. שטיינען געצויגן צו זײַן אַלט פֿאַך, צו בוכבינדערײַ. סוף־כּל־סוף האָט ער זיך אײַנגעאָרדנט אין דאָזיקן פֿאַך.

עס איז נישט געווען לײַכט. די אַרבעטסוואָך איז געווען אַ שווערע — 50 שעה. ביידע צוזאַמען האָבן אויסגעאַרבעט $10 וועכנטלעך (ער האָט פֿאַרדינט $6 און זײַן פֿרוי סאָניע — $4). בײַ די אומשטאַנדן פֿון יענער צײַט איז דאָס שוין געווען אַ גוטער פֿאַרדינסט. אָבער ל. מ. שטיין האָט געהאַט אויף זיך אַ חובֿ פֿון עטלעכע הונדערט דאָלאַר, וואָס זײַנער אַ קרובֿ האָט אויסגעגעבן אויף אים אין פֿאַרבינדונג מיט זײַן קומען קיין אַמעריקע. אויסצאָלן אַזאַ חובֿ איז אַפֿילו בײַ אַ 10דאָלאַרדיקן וועכנטלעכן פֿאַרדינסט נישט געווען פֿון די לײַכטע זאַכן. ער האָט פּינקטלעך געצאָלט און אויסגע־צאָלט דעם חובֿ.

ווי שווער עס איז געווען דאָס מאַטעריעלע לעבן אין די ערשטע צײַטן, האָט ל. מ. שטיין אויף קיין איין מינוט נישט אויפֿגעגעבן זײַנע גײַסטיקע אינטערעסן.

אַ פֿאַררוסישטער סאָציאַל־דעמאָקראַט („מענשעוויק") פֿון דער היים, האָט ער געזוכט אַ געזעלשאַפֿטלעכן קאָנטאַקט מיט רוסיש־ריידנדיקע סאָציאַליסטן. אין ש י ק אַ ג אָ, וווּ ער האָט זיך באַזעצט באַלד נאָך זײַן אָנקומען קיין אַמעריקע, האָט דער דאָזיקער קרײַז מענטשן זיך גרופּירט אַרום אַ „ברענטש" פֿון אַרבעטער־רינג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „וואָזראָזשדעניע" (אויפֿלעבונג). גלײַכצײַטיק האָט ל. מ. שטיין זייער שטאַרק געוואָלט זיך דערנעענטערן צו דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זײַן וועג צו דעם אַמעריקאַנער סאָציאַליזם האָט געפֿירט דורך דעם אַזוי גערופֿענעם לאַסאַל־קלוב, וואָס האָט דעמאָלט עקסיסטירט אין שיקאַגאָ.

דער לאַסאַל־קלוב האָט דעמאָלט געהאַט אַ לאָקאַל בײַם עק פֿון די גאַסן האַלסטעד און אָ'בראַיען. אין די אָוונטן האָט דאָ געקאָכט ווי אין אַ קעסל. יעדע וואָך זײַנען אָנגעקומען פֿון רוסלאַנד נײַע אימיגראַנטן. נאָך די שווערע טעג אין די שעפּער האָט דער יונגער אימיגראַנטישער עולם זיך דאָ פֿאַרזאַמלט אין די אָוונטן. די גאַס איז געווען אָנגעפֿילט מיט די הייסע דעבאַטעס, וואָס האָבן זיך געפֿירט אינעם לאַסאַל־קלוב. די רוסישע שפּראַך האָט דאָ געקלונגען נישט ווייניקער ווי ענגליש. מען האָט דעבאַטירט די פּראָבלעמען פֿון דער דורכגעפֿאַלענער רוסישער רעוואָלוציע. גלײַכצײַטיק האָט מען זיך דאָרשטיק צוגעהערט צו לעקציעס פֿון עלטערע אימיגראַנטן און פֿון „אמתע" אַמעריקאַנער וועגן כאַראַקטער, בוי און די וועגן פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

ל. מ. שטיין האָט גערעדט רוסיש. אמת, אינעם היימישן שטעטל איז די שפּראַך פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג געווען ייִדיש, אָבער די שטעטלשע יוגנט האָט על־פּי־רובֿ אין יענע יאָרן באַטראַכט ייִדיש ווי אַ נידעריקערע שפּראַך און מען האָט גערעדט צווישן זיך רוסיש. מיטן גאַנג פֿון יאָרן איז מען געוואָרן אָפּגעפֿרעמדט פֿון דער ייִדישער שפּראַך. ווען ל. מ. שטיין איז געקומען קיין אַמעריקע איז ייִדיש פֿאַר אים געווען כמעט אַ פֿרעמדע שפּראַך.

פֿאַר דער פּסיכאָלאָגיע פֿון דעם דעמאָלטיקן אַסימילירטן יונגן־מאַן ל. מ. שטיין איז כאַראַקטעריסטיש דער ווײַטערדיקער פֿאַל:

ל. מ. שטיין איז געווען סעקרעטאַר פֿון דערמאָנטן אַרב'־רינג־צווײַג „וואָזראָזש־דעניע" און ווי אַזעלכער האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, געפֿירט די נאָרמאַלע קאָרעספּאָנ־דענץ פֿון דעם ברענטש מיטן הויפּטאָפֿיס פֿון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק.

נ פֿ ת ל י פֿ ײַ נ ע ר מ אַ ן, דער שפּעטערדיקער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פֿון אַמעריקאַנער ייִוואָ, איז דעמאָלט געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון אַרבעטער־רינג. ל. מ. שטיין האָט געשריבן זײַנע בריוו אין דער רוסישער שפּראַך — ווען ער זאָל אַפֿילו וועלן, האָט ער דעמאָלט נישט געקאָנט שרײַבן ייִדיש. נ. פֿײַנערמאַן האָט אים איין מאָל געענטפֿערט מיט אַ ייִדישן בריוו. ל. מ. שטיין איז געוואָרן מלא־חמה: סטײַטש, וואָס איז דער מער? פֿאַר וואָס אַזאַ „נאַציאָנאַליזם”? אַן אויפֿגערעגטער האָט ל. מ. שטיין אָנגעשריבן נ. פֿײַנערמאַנען:

— קאָגדאַ יאַ וואַם פּישו פּאָ רוסקי, אָטוויעטשײַטיע פּאָ רוסקי (אַז איך שרײַב צו אײַך רוסיש, זאָלט איר מיר ענטפֿערן רוסיש).

ווער האָט עס דעמאָלט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז דער פֿאַררוסישטער אינטעליגענט ליאָוואַ פֿראַדקין פֿון בעריסלאַוו וועט מיט דער צײַט ווערן אין אַמעריקע איינער פֿון די פֿאַרדינסטפֿולסטע שטיצערס און בויערס פֿון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור?

5

## נ ײַ ע ה אָ ר י ז אָ נ ט ן

זינט ער איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט האָט ל. מ. שטיין געהאַט אַ טיפֿע אינעווייניקסטע באַדערפֿעניש צו קומען אין קאָנטאַקט נישט נאָר מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג בכלל, נאָר פֿריִער פֿון אַלץ מיטן לײַדנדיקן און קעמפֿנדיקן אַרבעטמענטש — אים אויפֿקלערן, העלפֿן אים, דינען אים.

אין די קליינע אוקראַיִנער שטעט, ווו ל. מ. שטיין האָט אויסגעפֿורעמט זײַן לעבנס־פֿילאָסאָפֿיע, זײַנען נישט געווען קיין גרויסע אַרבעטער־מאַסן. אין רווישיקן שיקאַגאָ האָט ער ענדלעך באַקומען די געלעגנהייט צו זײַן אין דער סבֿיבֿה פֿון ברידער־אַרבעטער. נאָר איין זאַך איז אים געשטאַנען אין וועג: דאָס לשון. די גרויסע ייִדישע אַרבעטער־מאַסע — כּמעט לויטער נײַע אימיגראַנטן — האָט גערעדט ייִדיש, בעת אים איז אָנגעקומען שווער צו ריידן ייִדיש.

שטופֿנווײַז, אין רעזולטאַט פֿון לאַנגן איבערטראַכטן, האָט ל. מ. שטיין אײַנגעזען ווי נייטיק עס איז צו קענען ריידן, לייענען און שרײַבן ייִדיש. אַ דעצידירנדיקן אײַנפֿלוס האָט אויף אים געהאַט די פּערזענלעכקייט פֿון ד״ר ח י י ם ז ש י ט ל אָ װ ס ק י, וואָס איז דעמאָלט צום צווייטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע (1908).

ד״ר חיים זשיטלאָווסקי אַליין האָט דעמאָלט גראָד דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פֿון ענדגילטיקן איבערגאַנג, פֿון פֿולשטענדיקן צוריקקומען צום ייִדישן לעבן. ביז דאַן איז ד״ר זשיטלאָווסקי, ווי באַוווּסט, געווען זייער שטאַרק פֿאַרבונדן מיטן רוסישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און מיט דער רוסישער שפּראַך. ווי איינער פֿון די גרינדערס און וויכטיקסטע טוערס פֿון דער עסערישער פּאַרטיי, האָט ער די גרעסטע טייל פֿון זײַן ענערגיע אָפּגעגעבן דער רוסישער רעוואָלוציע. בעת זײַן ערשטן באַזוך אין אַמעריקע, אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (צוזאַמען מיט דער „באָבע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע” ב ר ע ש ק אָ ־ ב ר ע ש ק אָ װ ס ק אַ י אַ איז ער געקומען אַהער,

כדי צו זאַמלען געלט פֿאַר דער עסערישער פּאַרטיי), האָט ער דערפֿילט די טיפֿע באַדערפֿעניש אין גאַנצן זיך אָפּצוגעבן דעם קאַמף פֿון די יידישע מאַסן. אין 1908 איז ער געקומען צום צווייטן מאָל און זיך דאָ באַזעצט. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן זײַן הונדערטפּראָצענטיקע אַרײַנוואַקסונג אינעם יידישן לעבן.

טויזנטער און טויזנטער פּאַררוסישטע יידישע יונגע־לײַט, נײַע אימיגראַנטן, האָבן אין יענע יאָרן אויסגעפֿאָלגט דעם רוף פֿון ד"ר חיים זשיטלאָווסקין זיך אומצוקערן גײַסטיק צום יידישן פֿאָלק. ל. מ. שטיין איז געווען איינער פֿון זיי.

אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן יענעם פּעריאָד גיט איבער ל. מ. שטיין אַליין:

„איך האָב זיך באַקענט — דערציילט ל. מ. שטיין — מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקין באַלד ווי ער איז געקומען קיין אַמעריקע. דער רוסיש־רייידיקער ברענטש פֿון אַר־בעטער־רינג „וואָזראָזשדעניע" אין שיקאַגאָ איז דעמאָלט געווען אַ זייער אַקטיווע גרופּע. איך בין געווען סעקרעטאַר פֿון דעם ברענטש. מיר האָבן ריזיקירט און מיט אייגענע כּוחות אַראָפּגעבראַכט ד"ר זשיטלאָווסקין קיין שיקאַגאָ. פֿון דעמאָלט אָן בין איך געווען זײַנער אַן אָנהענגער. זײַן לאָזונג „וואָס מער מענטש, אַלץ מער ייד; וואָס מער ייד, אַלץ מער מענטש", האָט געווירקט אויף אונדזער גרופּע, און נישט נאָר אויף אונדזער גרופּע. ד"ר זשיטלאָווסקי האָט געווירקט אויף דער יידישער רוסיפֿיצירטער יוגנט אין אַמעריקע מער ווי וועלכער עס איז אַנדערער יידישער פֿירער. זײַנע לעקציעס און זײַנע שריפֿטן פֿון יענע יאָרן האָבן געהאַט אויף אונדז אַן אומגעהײַערן אײַנפֿלוס. אויב איך האָב אין משך פֿון מײַן זײַן אין אַמעריקע זיך ניצלעך געמאַכט אויפֿן געביט פֿון יידישער קולטור, האָב איך דאָס צו פֿאַרדאַנקען דעם ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. ער האָט זיך אַלע מאָל באַצויגן צו מיר מער ווי פֿרײַנדלעך. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז אַוועק אויף לינקע דרכים און די גרעסטע צאָל פֿון זײַנע אַמאָליקע פֿרײַנד האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון אים, האָב איך נאָך אַלץ נישט געקאָנט דערשטיקן אין זיך מײַן סענטימענט צו אים."

## 6

## א י ב ע ר ג א נ ג

אונטער דער ווירקונג פֿון די דערמאָנטע צוויי פֿאַקטאָרן — דעם ווילן זיך צו דערנעענ־טערן צו די ברייטע אַרבעטער־מאַסן פֿון איין זײַט און דער השפּעה פֿון ד"ר חיים זשיטלאָווסקין פֿון דער צווייטער זײַט — האָט ל. מ. שטיין זיך גענומען לערנען לייענען און שרײַבן יידיש. ווי אַ גרינטלעכער מענטש, האָט ל. מ. שטיין גענומען שטודירן יידישע ליטעראַטור. עס האָט נישט גענומען לאַנג און עס איז אויסגעוואַקסן אין אים אַ טיפֿע ליבשאַפֿט צום יידישן וואָרט און צו זײַנע שאַפֿערס.

ו ו י ל י א ַ ם צ ו ק ע ר מ א ַ ן (איצט רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פֿון **דזשויש ניוס־לעטער**) האָט דעמאָלט געוווינט אין שיקאַגאָ. צוזאַמען מיט ל. מ. שטײַנען האָט ער געהערט צו „וואָזראָזשדעניע". באַלד נאָך זײַן קומען קיין אַמעריקע האָט ל. מ. שטיין געוווינט בײַ וויליאַם צוקערמאַנס אַ קרובֿה. די דאָזיקע צוויי מענטשן — ל. מ. שטיין און וויליאַם צוקערמאַן — האָבן זיך באַפֿרײַנדעט און וויליאַם צוקערמאַן איז געווען דער, וואָס האָט דער ערשטער גענומען לערנען ל. מ. שטײַנען יידיש.

ל. מ. שטיין איז געווען, ווי מיר האבן געזען, א הייסער סאציאליסט פון דער היים, און אין זיינע ערשטע אמעריקאנער יארן האט ער זיך באמיט ממשיך צו זיין זיין פריערדיקע סאציאליסטישע טעטיקייט. נאך היינט רעדט ל. מ. שטיין מיט א סענטימענט וועגן יענע ערשטע יארן, ווען ער איז געגאנגען פון פארזאמלונג צו פארזאמלונג און פון לעקציע צו לעקציע, ווילנדיק אלץ טיפער אריינדרינגען אינעם לעבן פון די אמעריקאנער סאציאליסטישע ארגאניזאציעס. נאך היינט רעדט ל. מ. שטיין מיט סענטימענט וועגן דעם פארדינסטפולן שיקאגער ארבעטער-טוער און שרייבער מ א ר י ס ז י ס ק י נ ד, וועלכער איז אין יענע יארן געווען א פלאמיקער לעקטאר און אגיטאטאר אין שיקאגא. אבער פון חודש צו חודש איז ל. מ. שטיין געווארן אלץ מער אנטוישט. עס איז אים געווען שווער זיך אריינצופאסן אין די ראמען פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער באוועגונג. עס האט זיך אים אויסגעוויזן, אז עס פעלט אין דער ארבעט דער אידעאליזם און די ראמאנטישקייט, וואס האט געהערשט אין די סאציאליסטישע ארגאניזאציעס אין דער אלטער היים. ביסלעכווייז האט זיך גענומען בייטן די אינטערעסן-ספערע פון ל. מ. שטיינען. נאך עטלעכע יאר ראנגלעניש האט ער אויפגעגעבן זיין אקטיווקייט און זיין אנגעהעריקייט צו די אמעריקאנער סאציאליסטישע ארגאניזאציעס. ער האט זיך אלץ מער און מער גענומען אינטערעסירן מיט יידישע קולטור-פראבלעמען און מיט פראקטישער יידישער קולטור-טעטיקייט. ער איז ביז היינט געבליבן אן איבערגעצייגטער דעמאקראטישער סאציאליסט, אבער זינט יארן געהערט ער נישט צו קיין שום סאציאליסטישער ארגאניזאציע. ער העלפט א מאל ארויס, זיינע סימפאטיעס זיינען תמיד אויף דער זייט פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין לאנד און אין אויסלאנד, אבער זיין פולע באפרידיקונג זינט די לעצטע דרייסיק יאר געפינט ער אין קולטור-טעטיקייטן. דאס בוך — גאנץ באזונדער דאס יידישע בוך — איז געווארן דער ליבלינג פון ל. מ. שטיינען.

## 7

## צ ו ר י ק „א ה י י ם״?

ביים סוף פון די ערשטע צען יאר, וואס ל. מ. שטיין האט געוווינט אין אמעריקע, איז אומגעריכט געקומען אן אויפטרייסלונג אינעם לעבן פון ל. מ. שטיינען. דער דאזיקער קריזיס האט געדויערט עטלעכע יאר. ווען ל. מ. שטיין וואלט דעמאלט זיך אונטערגעגעבן זיינע אימפולסן, וואלט זיין גאנץ שפעטערדיק לעבן אויסגעזען אנדערש. מיר ריידן דא וועגן דער גרויסער איבערקערעניש אין רוסלאנד אין יאר 1917 — דאס פאלן פונעם צארישן רעזשים.

אין די צענדלינגער טויזנטער זיינען זיי געווען צעווארפן איבער אלע פרייע לענדער — די פאליטישע עמיגראנטן, וואס האבן געמוזט פארלאזן דאס צארישע רוסלאנד אין רעזולטאט פון זייער רעוואלוציאנערן קאמף קעגן צארישן רעזשים. די גרעסטע צאל פון זיי האט זיך באזעצט אין אמעריקע. מען האט זיך דא איינגעארדנט, אויסגעבויט היימען, אריין אינעם לעבן פונעם לאנד, אבער טיף אין הארצן איז געבליבן א גרויסע בענקשאפט צו דער „אלטער היים״ — צו יענע שטעטלעך, צו יענע גאסן און געסלעך, ווו דאס לעבן האט זיך אנגעהויבן און ווו מען האט איבערגעלעבט די דערהויבענע יוגנטיארן פון טרוים און קאמף פאר אן אידעאל.

ווען עס האָט זיך פֿונאַנדערגעטראָגן איבער דער ברייטער וועלט דער ערשטער גרוס, אַז דער פֿאַרהאַסטער צאַריזם איז ענדלעך געפֿאַלן און אַז די פֿעלקער פֿון רוסלאַנד זײַנען ענדלעך פֿרײַ — האָבן אויפֿגעציטערט הונדערטער טויזנטער הערצער פֿון די אַמאָליקע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געלעבט מיט די דעראינערונגען פֿון זייער אַמאָליקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דער ערשטער אימפּולס בײַ די דאָזיקע מענטשן איז געווען: צוריק אַהיים. פֿון דאָרטן, פֿון דער „אַלטער היים", זײַנען אָנגעקומען אומגעהײַער פֿריידיקע, אויפֿטרייסלענדיקע און דערהייבנדיקע ידיעות וועגן אַ נײַעם לעבן, וואָס הייבט אָן זיך בויען אויף די חורבֿות פֿון צאַריזם. פֿון די שטעט און שטעטלעך, ווו עס זײַנען געבליבן אַמאָליקע חבֿרים און קאַמפֿברידער, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו, וואָס האָבן געהאַט אין זיך דעם הייסן אָטעם פֿון דער זיגרײַכער רעוואָלוציע.

ל. מ. שטיין איז נישט געווען קיין אויסנאַם. פֿון אַלעקסאַנדראָווסק איז דערגאַנגען צו אים דער רוף פֿון זײַנע אַמאָליקע קאַמף־חבֿרים. אין בונטע פֿאַרבן האָט מען געמאָלן פֿאַר אים ווי עס גיסן זיך פֿונאַנדער איבער שטאָט און דאָרף די מעכטיקע כוואַליעס פֿון דער רעוואָלוציע.

עס זײַנען געווען די ערשטע חדשים — חדשים פֿון ראָזע האָפֿענונגען און גרויסע דערוואַרטונגען. די רעוואָלוציע האָט געלאָקט, די רעוואָלוציע האָט גערופֿן. פֿאַר די געוועזענע פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן שוין אַ געוויסע צאָל יאָרן געוווינט אין אַמעריקע, זײַנען דאָס געווען שווערע חדשים: יאָ פֿאָרן — נישט פֿאָרן. דאָס האַרץ האָט געשריגן: פֿאָר. די בריוו פֿון דער היים האָבן גערופֿן: קום. אָבער דער שׂכל, די קאַלטע לאָגיק, האָט געזאָגט: צו שפּעט פֿאַר דיר, דו ביסט שוין נישט מער קיין דאָרטיקער, בלײַב דאָ.

טויזנטער, פֿיל טויזנטער, האָבן אויף דער הייסער מינוט געפֿאָלגט דעם באַפֿעל פֿון האַרץ און זײַנען אַוועק קיין רוסלאַנד. וואָס איז פֿון זיי געוואָרן? אַ גרויסע טייל פֿון זיי האָט בײַ צײַטנס זיך אַרומגעזען ווי גרויס עס איז דער תּהום צווישן די ראָזע חלומות און דער באָלשעוויסטישערווירקלעכקייט, וואָס האָט גיך גענומען די אייבערהאַנט אין רוסלאַנד. טויזנטער האָבן בײַ צײַטנס זיך אומגעקערט צוריק קיין אַמעריקע. אַנדערע האָבן געהאָפֿט, אַז דער בלוטיקער באָלשעוויזם איז בלויז אַן אַריבערגייענדיקער געוויטער און אַז באַלד וועט ווירקלעך אויפֿשײַנען פֿאַר רוסלאַנד און פֿאַר דער גאַנצער וועלט די זון פֿון אמתער פֿרײַהייט. יענע זײַנען געבליבן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זײַנען קיין אַמעריקע דערגאַנגען טרויעריקע גרוסן: טייל פֿון זיי פּײַניקן זיך אין די טורמעס, ווײַל זיי האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן רעזשים פֿון אומפֿרײַהייט. אַנדערע מאַטערן זיך סתּם אין איינזאַמקייט און אין שטילע ליידן, נישט קאָנענדיק זיך אַרויסרײַסן פֿון באָלשעוויסטישן „גן־עדן".

ל. מ. שטיין האָט אַ היפּשע צײַט זיך געוואַקלט: פֿאָרן — נישט פֿאָרן? עס האָט אים שטאַרק געצויגן קיין רוסלאַנד. ווען נישט די רעאַלע אומשטאַנדן פֿון זײַן דעמאָלטיק לעבן, וואָלט ער מסתּמא נישט אויסגעהאַלטן און אַוועקגעפֿאָרן. אָבער גראָד איז ער שוין געווען אַ טאַטע פֿון אַ קליין קינד און אַ צווייט קינד האָט געהאַלטן בײַם געבוירן ווערן. ווי לאָזט מען פֿלוצלינג איבער די פֿרוי מיט צוויי קליינע קינדער?

די דאָזיקע רעאַלע אומשטאַנדן פֿון זײַן דעמאָלטיק לעבן האָבן איבערגעוויגן און ער איז געבליבן אין אַמעריקע. מעגלעך, אַז ער האָט עס שפּעטער אין משך פֿון עטלעכע יאָר באַדויערט. ער האָט זיך אָבער אין גיכן איבערגעצײַגט, אַז ער האָט נישט געהאַט וואָס צו באַדויערן. ער האָט אין די ווײַטערדיקע יאָרן נישט איין מאָל געדאַנקט דעם גורל, וואָס האָט אים פֿאַרהאַלטן אין אַמעריקע.

ל. מ. שטיינס קאָרעספּאָנדענץ מיט זײַנע אַמאָליקע קאַמף־חבֿרים אין דער „אַלטער היים” האָט אָנגעהאַלטן אַ ריי יאָרן. פֿונעם שטעטל האָט מען אים געשיקט פֿאַרשיידענע יִדישע און רוסישע צײַטונגען און צײַטשריפֿטן. עס האָט זיך בײַ אים אָנגעזאַמלט אַן אינטערעסאַנטע קאָלעקציע דרוקזאַכן, וואָס גיבן אַ בילד פֿונעם גרויסן אויפֿבלויז אין די ערשטע יאָרן נאָכן פֿאַלן פֿון צאַריזם. די דאָזיקע קאָלעקציע איז הײַנט דאָס אייגנטום פֿון יִיוואָ. דאָ קאָנט איר געפֿינען צײַטונגען געדרוקט אויף דיקן פּאַקפּאַפּיר פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן. פֿאַראַן אַפֿילו איין צײַטונג, וואָס איז געדרוקט אויף דינעם באַנדעראָל־פּאַפּיר: פֿון איין זײַט לאַנגע פּאַסן מיט אוקראַיִנישע באַנדעראָל־אויפֿשריפֿטן (פֿון טאַבעק־מאָנאָפּאָל) און פֿון דער צווייטער זײַט — אַן אַרטיקל אין יִדיש וועגן דער פּאַריזער קאָמונע, אַ געדיכט פֿון דעם באַקאַנטן רוסישן דיכטער וואַלעריאַן בריוסאָוו אין אַ יִדישער איבערזעצונג אאַז״וו.

## 8

## געפֿונען זיך אַליין

אין מיטן פֿון די צוואַנציקער יאָרן האָט ל. מ. שטיין ענדלעך קלאָר געזען זײַן וועג אויף דער אַמעריקאַנער ערד: נישט פֿילנדיק דעם „איראָפּעיִשן” טעם אין פּאָליטישער טעטיקייט, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוגעבן זײַן גאַנץ ווײַטערדיק לעבן דער יִדישער קולטור, דער יִדישער שפּראַך, דער יִדישער שול, דעם יִדישן שרײַבער: ער איז געוואָרן אַקטיוו אויפֿן שולגעביט, ער האָט זיך געווידמעט דער פֿאַרפֿײַנערונג פֿון יִדישן פֿאַרלאַג־וועזן און ער האָט אָנגעהויבן אָפּגעבן פֿיל ענערגיע און אויפֿמערקזאַמקייט דער אידעע צו אָרגאַניזירן אַ פֿינאַנציעלע באַזע פֿאַר דער אויסבויונג פֿון דער יִדישער וויסנשאַפֿט. מיט איין וואָרט — עס איז געווען שוין גאָר אַן אַנדערער ל. מ. שטיין, ווי דער, וואָס איז אַראָפּ פֿון שיף אין יאָר 1907.

ל. מ. שטיין איז איצטער געווען דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַל־קולטורעלן באַוווּסטזײַן, מיט ליבשאַפֿט צום יִדישן לשון און צו דער יִדישער ליטעראַטור, מיט וועלכער ער האָט אין משך פֿון די לעצטע יאָרן זיך גרינטלעך באַקאַנט. ער האָט מער נישט געזוכט קיין באַפֿרידיקונג פֿאַר זײַנע גײַסטיקע באַדערפֿענישן אין פֿרעמדע גערטנער. אין אַמעריקע איז דעמאָלט געווען אַ פּעריאָד פֿון יִדיש־נאַציאָנאַלן אויפֿשטײַג: די שולנעץ אין דער יִדישער שפּראַך איז געוואַקסן, אויפֿן געביט פֿון דער יִדישער ליטעראַטור איז געווען אַ באַדײַטנדיקע אויפֿלעבונג, עס האָבן בלויז געפֿעלט הענט צו טאָן אַרבעט.

אויף אַן אַנדער אָרט אין אונדזער יובֿל־זשורנאַל איז אָפּגעדרוקט אַ טאַבעלע פֿון קנאַפּע פֿופֿציק ביכער, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרויסגעגעבן אין משך פֿון די לעצטע 28 יאָר. ווערק פֿון די באַקאַנטסטע און אויך פֿון אָנפֿאַנגערישע ליטעראַרישע טאַלאַנטן — ליטעראַטור־קריטיק, עסייען, פּאָעזיע, קונסטאַלבאָמען, ביכער וועגן קונסט.

אָבער דאָס איז ווײַט נישט דער פֿולער באַלאַנס פֿון ל. מ. שטיינס פֿאַרלעגערישער טעטיקייט. דאָ רעדט זיך אַלץ וועגן ביכער, וואָס זײַנען אַרויס ווי אַ פֿ י צ י ע ל ע אויסגאַבעס פֿונעם „פֿאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאַגאָ”. עס איז אונדז נישט געלונגען פֿעסטצושטעלן וויפֿל ביכער ל. מ. שטיין האָט געהאָלפֿן אַרויסגעבן אויף פֿאַרשיידענע אַנדערע וועגן.

אָט אַ שטייגער האָט ל. מ. שטיין זיך דערוווּסט אַז בײַ דעם און דעם ייִדישן שרײַבער ליגט אַ מאַנוסקריפּט, וואָס האָט געזאָלט אַרויסגיין אין אַ געוויסן פֿאַרלאַג, נאָר דעם מחבר האָט אויסגעפֿעלט די פּאָר הונדערט דאָלאַר, וואָס ער האָט געזאָלט — ווי עס פֿירט זיך בײַ אונדז זייער אָפֿט בעוונותינו הרבים — אײַנצאָלן דעם פֿאַרלעגער. ל. מ. שטיין פֿלעגט אין אַזעלכע פֿאַלן נישט וואַרטן מען זאָל קומען צו אים מיט בקשות. ער פֿלעגט פּשוט צושיקן דעם מחבר די נייטיקע פּאָר הונדערט דאָלאַר און בײַלייגן אַ בריוועלע פֿון מער־ווייניקער אַזאַ אינהאַלט: איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס ליגט בײַ אײַך אַ מאַנוסקריפּט און איר האָט שוועריקייטן, שיק איך אײַך דעם בײַגעלייגטן טשעק, וואָס וועט אײַך מסתּמא אַרויסהעלפֿן.

אַזעלכע ביכער, וואָס זײַנען אַרויס נישט אונטערן נאָמען פֿון ל. מ. שטיינס פֿאַרלאַג, אָבער פֿאַקטיש מיט זײַן מאַטעריעלער הילף, וואָלט מען געקאָנט אָנציילן אַ היפּש ביסל. דער מחבר פֿון דער דאָזיקער ביאָגראַפֿיע האָט געפֿרעגט ל. מ. שטיינען, צי עס זײַנען געווען אין זײַן גאַנצער פֿאַרלעגערישער קאַריערע ביכער, וואָס האָבן אים אַרײַנגעבראַכט ריווח. אָט וואָס ל. מ. שטיין האָט געענטפֿערט:

„עס האָט געדויערט יאָרן ביז איך האָב אין אַמעריקע געפֿונען דעם וועג צו זיך אַליין. עס האָט גענומען יאָרן ביז איך האָב באַוויזן אַרויסצוקלאַפּן פֿון מײַן קאָפּ — אַרויסצוקלאַפּן אין בוכשטעבלעכן זינען פֿון וואָרט — די לעצטע רעשטלעך פֿון אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, וואָס האָבן מיך באַהערשט אין מײַן יוגנט. דעמאָלט האָב איך דערפֿילט אַז איך דאַרף זיך מאַכן ניצלעך נישט נאָר פֿאַר מײַן אייגענער פֿאַמיליע, נאָר פֿאַר דער געזעלשאַפֿטלעכקייט. אינעם סאָציאַליסטישן פּאַרטיי־לעבן אין אַמעריקע איז מיר געווען אוממעגלעך זיך אַרײַנצופּאַסן. פֿון קינדווײַז אָן איז דאָס בוך מיר געווען אײַנגעבאַקן אין האַרצן — דאָס בוך אין סימבאָלישן זינען פֿונעם וואָרט. אַזוי בין איך געקומען צום געדאַנק, אַז ווי אַ קולטורמענטש דאַרף איך זיך איבערגעבן און שטיין צו דינסט פֿון דעם ייִדישן שרײַבער און פֿון דעם בעסערן ייִדישן בוך. קענענדיק גוט דעם שווערן מצבֿ אויפֿן ייִדישן ביכערמאַרק, איז מיר נישט אײַנגעפֿאַלן אַז דאָס קאָן זײַן פֿאַרבונדן מיט פּראָפֿיטן. ווען איך האָב געשטעלט מײַנע ערשטע טריט ווי אַ „פֿאַרלעגער” איז מײַן מאַטעריעלע לאַגע נאָך געווען ווײַט פֿון דעם, וואָס מענטשן רופֿן מיטן נאָמען „מאַטעריעלע אומאָפּהענגיקייט און זיכערקייט”.

עס איז מיר נישט לײַכט אָנגעקומען דאָס דערלייגן געלט צו יעדן בוך — כּמעט צו יעדן בוך — וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן. אָבער, ווי געזאָגט, האָב איך אין דעם געזען פֿאַר זיך אַ וועג צו מאַכן זיך ניצלעך פֿאַר דער געזעלשאַפֿט. פֿון די ייִנגסטע יאָרן אָן האָט אין מיר געלעבט אַ באַגריף וואָס האָט פֿאַרבונדן דאָס נוצן ברענגען דער געזעלשאַפֿט מיט אַ געוויסער מאָס פֿון גרייטקייט צו ברענגען אַ קרבן. מעגלעך, אַז איך בין נישט קיין פֿאַרלעגער אין דעם אָנגענומענעם זינען פֿון וואָרט. יעדן פֿאַלס האָב איך קיין פּראָפֿיטן פֿון מײַן פֿאַרלעגערײַ נישט געמאַכט...

„כּדי צו זײַן זייער פּינקטלעך, ווײַל איך נישט באַהאַלטן, אַז עס איז געווען איין איינציקער אויסנאַם, ווען איך האָב בײַ אַ בוך „פֿאַרדינט" עטלעכע הונדערט דאָלאַר. אין יאָר 1935 האָב איך אַרויסגעגעבן אַ בוך פֿון דעם באַקאַנטן שיקאַגער ראַבײַ ס. פֿ ע ל י ק ס  מ ע נ ד ע ל ס אָ ן. עס איז געווען אַ בוך אין דער ענגלישער שפּראַך, *The Jew Laughs*, אַ בוך הומאָריסטישע מעשׂיות. דאָס בוך איז זייער גוט אַוועק. די ערשטע טויזנט ביכער האָבן זיך פֿאַרקויפֿט זייער שנעל. ראַבײַ מענדעלסאָן (ער לעבט שוין נישט) האָט מיך ממש געצוווּנגען, מיר זאָלן זיך טיילן מיט די פּראָפֿיטן פֿונעם בוך. דאָס איז געווען דער איינציקער פֿאַל וואָס האָט מיר געגעבן פּראָפֿיט. עס זײַנען געווען אַ צאָל ביכער צו וועלכע איך האָב גאַנץ געשמאַק דערלייגט. איצט גייט מײַן פֿאַרלעגערישע טעטיקייט דורך צוויי קאַנאַלן: פֿון איין זײַט פֿינאַנציר איך די אַזוי גערופֿענע „ל. מ. שטיין-פֿאָלקס-ביבליאָטעק" בײַם קולטור-קאָנגרעס, וואָס גיט אַרויס יעדע דרײַ חדשים אָפּגעקליבענע ווערק פֿון ייִדישע שרײַבערס אין איין באַנד, און פֿון דער צווייטער זײַט העלף איך פֿון צײַט צו צײַט אַרויסצוגעבן דורך מײַן אייגענעם פֿאַרלאַג געוויסע ביכער וואָס האָבן לויט מײַן מיינונג אַ ליטעראַרישן ווערט".

9

## מ י ט ן  פּ נ י ם  צ ו ם  י י ִ ד י ש ן  ק י נ ס ט ל ע ר

ל. מ. שטיינס פֿאַרלעגערישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן אין די יאָרן 1925-1926. דאָס ערשטע בוך, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרויסגעגעבן איז געווען פּאָעזיע. דאָס בוך הייסט **אַלטע ווענט**. ווען דאָס בוך איז אַרויס איז דער מחבר (ז ע ל י ק  ה ע ל ע ר) געווען אַן אָנפֿאַנגער.

ל. מ. שטיין האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן זײַן פֿאַרלעגערישע טעטיקייט מיט זעליק העלערס דערמאָנטן בוך. ער האָט זיך באַזונדער גוט געפֿילט פֿונעם געדאַנק, אַז ער וועט זיך אָפּגעבן דעם יונגן ליטעראַרישן נאָכוווּקס, אַז ער וועט העלפֿן אַרויסברענגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור נײַע יונגע טאַלאַנטן.

זעליק העלערס בוך איז געדרוקט געוואָרן אין 500 עקזעמפּלאַרן. ט אָ ד ר ע ס  ג ע ל ע ר האָט געמאַכט פֿאַר דעם בוך זייער שיינע ייִדישלעכע צייכענונגען. דאָס בוך האָט געהאַט אַ באַדײַטנדיקן דעפֿיציט און עס האָט געדויערט אַ היפּשע צײַט ביז ל. מ. שטיין האָט ראַטעסווײַז אויסגעצאָלט דאָס געלט, וואָס ער האָט דערלייגט צום דאָזיקן בוך.

נישט געקוקט אויף אָט דעם פֿינאַנציעלן דורכפֿאַל, האָט ל. מ. שטיין באַלד גענומען אויף זיך אַרויסצוגעבן דאָס ערשטע לידערביכל פֿון דער יונגער דיכטערין פּעסי הערשפֿעלד. עס איז געווען אַ קליין ביכל פֿון קאַרגע 94 זײַטלעך, אָבער עס האָט געמאַכט אַ רושם נישט נאָר צוליב דעם אינהאַלט, נאָר אויך צוליב זײַן שיינעם אויס־זען.

אַליין אַ פֿאַכמאַן אויפֿן געביט פֿון בוכוועזן, האָט ל. מ. שטיין געקוקט זייער קריטיש אויף דער אָפּגעלאָזנקייט און נישט־עסטעטישקייט פֿון די ייִדישע ביכער. ער האָט אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז ער וועט זייער שטאַרק זאָרגן פֿאַרן עסטעטישן אויסזען פֿון יעדן בוך וואָס ער גיט אַרויס. ער האָט טאַקע אַליין אָפּגעגעבן אַן אַ שיעור צײַט אויף צוצוקלײַבן אַ פּאַסיקע שריפֿט, שיינע אָרנאַמענטן און אויף באַזאָרגן יעדעס בוך מיט אַ פֿײַנעם און עסטעטישן אײַנבאַנד.

דאָס לידערביכל פֿון פּעסי הערשפֿעלד, **קאַרעלן** (1926), האָט, ווי געזאָגט, גאָר באַ־זונדער אויסגענומען בײַ די קריטיקערס מיט זײַן אויסשטאַטונג. טאָדרעס געלער האָט געצייכנט אַ ריי אָרנאַמענטן פֿאַרן דאָזיקן ביכל. אין משך פֿון די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ל. מ. שטיין אַרויסגעגעבן נאָך צוויי ביכער פֿון דער דיכטערין פּעסי הערשפֿעלד. אין 1931 איז אין ל. מ. שטיינס פֿאַרלאַג אַרויס איר בוך **געקליבענע לידער** (בלויז 200 עקזעמפּלאַרן), אין יאָר 1939 — דאָס לידערבוך **רויטער טוי**.

סך־הכּל האָט ל. מ. שטיין אַרויסגעגעבן אין 1926 דרײַ ביכער. דאָס דריטע בוך, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין יענעם יאָר, איז געווען אַ קונסטאַלבאָם מיט 7 האָלצ־שניטן פֿון טאָדרעס געלער. דער דאָזיקער אַלבאָם איז אַרויס אין אַ זייער באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּלאַרן — 150. די האָלצשניטן זײַנען געווען געדרוקט אויף ספּעציעלן יאַפּאַנישן האָלצפּאַפּיר. אויך דאָס דאָזיקע בוך האָט זייער אויסגענומען בײַ דער קריטיק מיט זײַן עסטעטישן אויסזען, וואָס איז געווען אַ נײַס אויפֿן ייִדישן ביכער־מאַרק. ביז הײַנט געהערט דער דאָזיקער אַלבאָם צו די שענסטע ייִדישע אויסגאַבעס.

עס וועט אונדז שפּעטער אויסקומען צו ריידן באַזונדער וועגן די באַציִונגען צווישן ל. מ. שטיינען און אַ ריי ייִדישע מאָלערס און גראַפֿיקערס. זאָל דאָ דערווײַל בלויז אונטערגעשטראָכן ווערן דער פֿאַקט, אַז פּאַראַלעל מיט זײַן גרויסן אינטערעס פֿאַרן ייִדישן געדרוקטן וואָרט, האָט ל. מ. שטיין אַרויסגעוויזן נישט קיין קלענערן אינטערעס צו ייִדישער מאָלערישער קונסט. ווען מיר וועלן דורכקוקן די רשימה פֿון שטיינס קנאַפּע פֿופֿציק אויסגאַבעס, וועלן מיר דאָרטן געפֿינען זייער פֿיל פּובליקאַציעס פֿון ייִדישע מאָלערס און גראַפֿיקערס — לוקסוס־אויסגאַבעס וואָס זײַנען אַ זעלטנקייט אויפֿן ייִדישן ביכערמאַרק.

**אין די יאָרן 1929 און 1930** האָט ל. מ. שטיין באַזונדער זיך אויסגעצייכנט אויפֿן דאָזיקן געביט. דאָס מאָנאָגראַפֿישע ווערק וועגן דעם ייִדישן מאָלער עמיל אַרמין, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרויסגעגעבן אין 1929 אין ייִדיש און אין ענגליש, געהערט צו די אָריגינעלסטע ייִדישע (און ענגליש־ייִדישע) פּובליקאַציעס.

דער מחבר פֿון דער מאָנאָגראַפֿיע וועגן עמיל אַרמינען, י. ז. דזשייקאָבסאָן, האָט געגעבן אַן אויסשעפּלעכע כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם קינסטלערס מהות. די ייִדישע

אויסגאַבע, וואָס הייסט **עמיל אַרמין — איינער פֿון די למד־וואָווניקעס**, איז אַן איבערזעצונג פֿון דער ענגלישער אויסגאַבע (זעליק העלער איז געווען דער איבערזעצער). די ביכער זײַנען אַרויסגעגעבן אין פֿאָליאָ־פֿאָרמאַט. די ייִדישע אויסגאַבע האַלט 175 זײַטן און זי איז אַרויס בלויז אין 150 נומערירטע און אויטאָגראַפֿירטע עקזעמפּלאַרן. די ענגלישע אויסגאַבע האָט 158 זײַטן און איז אַרויס אין 250 נומערירטע און אויטאָגראַפֿירטע עקזעמפּלאַרן. אין יעדער פֿון די דאָזיקע אויסגאַבעס זײַנען געווען 55 רעפּראָדוקציעס פֿון עמיל אַרמינס קונסטווערק. ביז הײַנט שטאָלצירט ל. מ. שטיין מיט די דאָזיקע צוויי פֿײַנע קונסטביכער.

מיט אַ יאָר שפּעטער (1930) האָט ל. מ. שטיין אַרויסגעגעבן אַ בוך פֿון מ. ט ש אַ פּ מ אַ ן וועגן קינסטלער וו י ל י אַ ם מ. ש וו אַ ר ץ. אויך דאָס דאָזיקע בוך איז אַ לוקסוס־אויסגאַבע מיט פֿיל קונסט־רעפּראָדוקציעס. עס פֿאַרמאָגט 300 זײַטן און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 500 עקזעמפּלאַרן.

מיט די דאָזיקע קונסטביכער שעפּט זיך ווײַט נישט אויס די רשימה קונסטאַלבאָמען און קונסט־מאָנאָגראַפֿיעס, וואָס דער ל. מ. שטיין־פֿאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן. אַן אויספֿירלעכע רשימה פֿון די דאָזיקע אויסגאַבעס וועט דער לייענער געפֿינען אין דער אַלגעמיינער טאַבעלע פֿון די אויסגאַבעס פֿונעם ל. מ. שטיין־פֿאַרלאַג, וואָס מיר גיבן אין דעם דאָזיקן בוך.

## 10

## יִ וו אָ

אין מיטן פֿון די צוואַנציקער יאָרן — אין דעם זעלבן פּעריאָד, ווען ל. מ. שטיין האָט אָנגעהויבן זײַן פֿאַרלעגערישע טעטיקייט — באַלד נאָך דעם ווי אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרן דער יִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, האָט זיך אָנגעהויבן די נאָענטע פֿאַרבינדונג צווישן ל. מ. שטיינען און דעם יִוואָ — אַ פֿאַרבינדונג, וואָס האַלט אָן ביזן הײַנטיקן טאָג.

עס איז זייער אינטערעסאַנט איבערצולייענען דאָס, וואָס ל. מ. שטיין אַליין דערציילט וועגן דעם אָנהייב פֿון זײַנע באַציִונגען מיטן ווילנער יִוואָ:

„איך דערמאָן זיך איצטער, נאָך אַזוי פֿיל יאָר — דערציילט ער — ווי איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען די נאָטיצן אין דער יִדישער פּרעסע אין אַמעריקע וועגן עפּעס אַ נײַע אינסטיטוציע וואָס מען גרייט זיך גרינדן אין ווילנע. איך האָב די נאָטיצן עטלעכע מאָל איבערגעלייענט. דער נאָמען האָט געקלונגען עפּעס נײַ: יִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט. די נעמען פֿון די גרינדערס האָבן מיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט — אַ היפּשע צאָל באַקאַנטע נעמען צווישן זיי. איך האָב די נעמען געזוויגן און געמאָסטן. איך האָב בחוש דערפֿילט, אַז דאָ קומט צו נישט סתּם אַזוי נאָך איין אינסטיטוציע צו די אַלע וואָס עקסיסטירן שוין, נאָר עפּעס גאָר אַ נײַע זאַך — אַן אַקאַדעמישער אַנשטאַלט אין וועלכן יִדן נייטיקן זיך אַזוי. כאָטש די נײַע אינסטיטוציע, זאָגט זיך, ווערט געגרינדעט אין ווילנע, האָב איך אָבער באַלד דערפֿילט, אַז

עס איז אן ענין נישט בלויז פאר ווילנע אליין. אזוי בין איך געווען פאראינטערעסירט אין ייווא באלד פון ערשטן מאמענט אן, ווען זיין גרינדונג איז געווארן באקאנט.

„קודם־כל האב איך באשלאסן, אז איך דארף תיכף ווערן א מיטגליד פון דער נייער אינסטיטוציע. דער קורצער נאמען ייווא איז נאך דעמאלט נישט געווען באקאנט. איך האב לייכט אויסגעפונען אז צו ווערן א מיטגליד דארף מען סך־הכל איינצאלן פינף דאלאר. האב איך גיך אוועקגעשיקט פינף דאלאר קיין ווילנע צוזאמען מיט א בריוו, ווו איך האב געבעטן מער אינפארמאציע וועגן דער אינסטיטוציע. איך האב נישט אונטער דער האנט דעם ענטפער זייערן, און איך געדענק נישט ווער עס האט מיר געענטפערט — ד״ר ווײַנרײַך צי זלמן רייזען ע״ה — איך געדענק אבער זייער גוט, אז עס איז געווען א ווארעמער ענטפער מיט א סך אינפארמאציע, וואס האט מיך שטארק פאראינטערעסירט. זיי האבן מיר אויך צוגעשיקט א פאר בראשורן. פון דעם אלעם איז מיר געווארן קלאר, אז דער אינסטיטוט ווערט געפירט דורך א גרופע ענערגישע וויסנשאפטלערס, בראש מיט ד״ר ווײַנרײַך, וואס איז נאך דעמאלט געווען א יונגער פארשער מיט פעיקייטן אוועקצושטעלן א סיסטעמאטישע ארבעט, און אז מען קען דערווארטן פון דעם נייעם אינסטיטוט גרויסע אויפטועו.

„פון דעם בריוו און פון די בראשורן האט מיין פאנטאזיע זיך אנגעצונדן. זי האט מיך אוועקגעטראגן זייער ווייט: איך האב אין דער פאנטאזיע געזען א גרויסע גע־ביידע, אן אלוועלטלעכן יידישן אוניווערסיטעט מיט א סך געלערנטע, א גרויסע ביבליאטעק, א גרויסן ארכיוו, א געראמיקן סעקרעטאריאט אאז״וו. און אזוי ווי איך בין א ליבהאבער פון קונסט, האב איך אין מיין פאנטאזיע צוגעטשעפעט צום נייעם אינסטיטוט אויך א יידישן קונסטמוזיי. איך וווּנדער זיך איצט, פאר וואס האב איך דעמאלט פאר איין וועגס נישט צוגעטשעפעט צום ייווא א... סימפאנישן ארקעסטער.

„איך האב דעמאלט ביי זיך באשלאסן אז צו זיין בלויז א מיטגליד פון ייווא איז פאר מיר נישט גענוג — איך מוז אויך עפעס טאן פאר אים. איך האב אנגעהויבן זאמלען מאטעריאלן פארן ארכיוו און ביבליאטעק פון ייווא און אנגעהויבן שיקן פעקלעך קיין ווילנע. לויט דער אנווייזונג פון ווילנע, האב איך זיך אנגעהויבן אדורכשרייבן מיט ד״ר יעקב שאצקי אין ניו־יארק. ד״ר שאצקי האט דעמאלט מסתמא זיין גאנצע פריי־צייט אוועקגעגעבן פארן ייווא, אויב מען זאל משפטן לויט דער גענויקייט פון זיינע בריוו און די פרטימדיקייט פון זיינע אינסטרוקציעס ווי אזוי צו שאפן מיטגלידער פארן ייווא אד״גל. וועגן דעם אמעריקאנער אפטייל פון ייווא האב איך דעמאלט נישט געהאט געהערט. איך האב געהאט דעם איינדרוק, אז ד״ר שאצקי אליין פאר זיך איז דער גאנצער אמעריקאנער אפטייל פון ייווא.״

שוין קנאפע דרייסיק יאר דויערט ל. מ. שטיינס טיפער אינטערעס צו אלעם, וואס איז פארבונדן מיט דער טעטיקייט און מיטן נאמען פון ייווא.

ביזן יאר 1939 האט ל. מ. שטיין באדינט דעם ייווא אויף צוויי פראנטן: ער האט מיט־געהאלפן אן א שיעור אין דער פונאנדערבויונג פון דער דעמאלטיקער אמעריקאנער אפטיילונג („אמאפטייל״) פון ייווא, אבער גלייכצייטיק איז ער געשטאנען אין בריוו־לעכער פארבינדונג מיטן ייווא אין ווילנע, קלייבנדיק און איבערשיקנדיק אהין אלץ,

וואָס האָט זיך נאָר געלאָזן. אינעם ווילנער ייִוואָ-הויז אויף דער וויוווּלסקע גאַס 18 איז דער נאָמען ל. מ. שטיין פֿון שיקאַגאָ געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע אַמעריקאַנער נעמען. מען האָט דאָרטן געוווּסט, אַז ל. מ. שטיין אין שיקאַגאָ לעבט און אָטעמט מיט די נויטן און באַדערפֿענישן פֿונעם ווילנער ייִוואָ.

אין יאָר 1929 איז ד"ר מאַקס ווײַנרײַך צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע ווי אַ שליח פֿון ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

לויט ל. מ. שטיינס איניציאַטיוו איז צוגעגרייט געוואָרן אַן ענגלישע בראָשור וועגן דעם וואָס ייִוואָ שטעלט מיט זיך פֿאָר. ל. מ. שטיין האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַרויסגעבן די בראָשור. ער האָט, ווי אַלע מאָל, געזאָרגט פֿאַר דער עסטעטישער זײַט פֿון דער אויסגאַבע און געדעקט די הוצאות. שיקאַגאָ האָט דעמאָלט דורכגעפֿירט דעם ערשטן עפֿנטלעכן געלטקאַמפּיין פֿאַרן ייִוואָ און ל. מ. שטיין האָט נישט גערוט, אַרײַנציִענדיק אינעם קאַמפּיין אַלץ נײַע און נײַע מענטשן.

מיט אַנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער (1930) איז געווען אין אַמעריקע אַ צווייטער שליח פֿון ווילנער ייִוואָ — דער שפּעטער טראַגיש אומגעקומענער זלמן רייזען. ער האָט אַדורכגעפֿירט אַ געלט-קאַמפּאַניע פֿאַר אַן אײגענעם ווילנער ייִוואָ-בנין. ל. מ. שטיינס הויז אין אָפֿיס זײַנען געווען דער אַדרעס פֿון זלמן רייזענס קאַמפּאַניע, און ער אַליין, ל. מ. שטיין, איז געווען די צענטראַלע פֿיגור פֿון קאַמפּאַניע-קאָמיטעט.

שפּעטער זײַנען דאָ געקומען אַנדערע דעלעגאַטן פֿון ווילנער ייִוואָ: מ. שור פֿון ווילנע (1934), יודל מארק פֿון קאָוונע (1935), הערץ גילישענסקי פֿון טשערנאָוויץ (1936) און ד"ר נח מײַזל פֿון ריגע (1937-1938).

די יאָר-יערלעכע פֿינאַנץ-קאַמפּאַניעס פֿאַרן ווילנער ייִוואָ אין שיקאַגאָ האָבן אַרויס-גערופֿן בײַ ל. מ. שטיינען די גרעסטע באַגײַסטערונג און ער האָט פֿאַר זיי געאַרבעט אומדערמידלעך.

אין די יאָרן פֿון צווייטן וועלטקריג האָט זיך אָנגעהויבן די האַסטיקע אַנטוויקלונג פֿון דעם אַמעריקאַנער אָפּטייל פֿון ייִוואָ, וואָס האָט נאָך דער מלחמה — ווען עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער ווילנער ייִוואָ איז חרוב — גענומען אויף זיך אַלע פֿליכטן און אויפֿגאַבעס, וואָס זײַנען פֿריִער געלעגן אויפֿן ייִוואָ אין ווילנע.

אין משך פֿון די אַלע יאָרן איז ל. מ. שטיין געווען דער קאַסיר פֿון שיקאַגער ייִוואָ-קאָמיטעט. פֿאַרוואָרלאָזנדיק זײַנע אייגענע עסקים און נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף זײַן אייגענעם געזונט, געהערט ל. מ. שטיין צו די טרײַסטע, אַרבעטזאַמסטע און איבערגעגעבנסטע ייִוואָ-טוערס אין אַמעריקע.

## 11

## אַ פֿאַרמעסט, וואָס וואַקסט זיך ערשט פֿונאַנדער

אין מאָמענט, ווען עס ווערט געפֿײַערט דער 70סטער געבוירן-טאָג פֿון ל. מ. שטיינען, איז דער יובילאַר בלב-ונפֿש אַרײַנגעטאָן אין אַ נײַער גרויסער ליטעראַרישער אונ-

טערנעמונג, ער האָט זי פֿאַרטראַכט די לעצטע פּאָר יאָר און ער פֿירט זי אַדורך בשותּפֿות מיטן אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס — **די ל. מ. שטײַן־פֿאָלקס־ביבליאָטעק.**

נישט נאָר וואָס ל. מ. שטײַן פֿינאַנצירט די דאָזיקע אונטערנעמונג — די אידעע גופֿא איז אויך זײַנע.

עס געשעט אָפֿט, אַז געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס קומען אַרויס מיט געוויסע פּראָיעקטן און עס געפֿינען זיך מעצענאַטן, וואָס אָנערקענען די וויכטיקייט פֿון די דאָזיקע פּראָיעקטן און פֿינאַנצירן זיי. ל. מ. שטײַן האָט אייגענע אײַנפֿאַלן.

ער וויײטיקט איבערן מצבֿ פֿון דער ייִדישער קולטור אָבער ער געהערט נישט צו די קלאָגמוטערס און קדיש־זאָגערס. ער גלייבט אין דער ייִדישער קולטור און האָט אַן אינעווייניקסטע באַדערפֿעניש צו טאָן אַלץ מעגלעכע, אַז זי זאָל בליִען.

אַ געווויסן טאָג, מיט אַ יאָר צוויי צוריק, האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן אײַנצושטעלן אין זײַן פֿאַרלעגערישער טעטיקייט מער פּלאַנירטקייט און מער ציל־באַוווּסטקייט. דערבײַ האָט ער געטראַכט, אַז ער דאַרף טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע טוען נישט און וואָס קאָן זײַן גאָר באַזונדער ניצלעך בײַ די הײַנטיקע תּנאָים פֿון אונדזער ייִדישן קולטור־לעבן.

מ. מאַנדעלמאַן, דער אַרומפֿאָרנדיקער פֿאַרשטייער פֿון קולטור־קאָנגרעס, איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס ל. מ. שטײַן האָט באַקענט מיט זײַן קאָנקרעטן פּראָיעקט אַרויסצוגעבן איינבענדיקע זאַמלונגען פֿון שוין פֿריִער געדרוקטע ווערק, וואָס זײַנען שוין נישט פֿאַראַן אויפֿן מאַרק — אַן אָפּקלײַב פֿון די בעסטע שאַפֿונגען פֿון פֿאַרשיידענע שרײַבערס.

ל. מ. שטײַן מאָטיווירט זײַן אידעע אַזוי:

פֿאַראַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור צענדלינגער שרײַבערס וואָס האָבן אין פֿאַר־שיידענע צײַטן פֿאַרעפֿנטלעכט הונדערטער קלענערע און גרעסערע דערציילונגען, פּאָעמעס, לידער, עסייען. פֿאַראַן ייִדישע שרײַבערס, וואָס האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט צען, פֿופֿצן און צוואַנציק בענד פֿון זייערע ווערק. פֿון איין זײַט זײַנען די דאָזיקע פֿילבענ־דיקע אויסגאַבעס מער נישט בנמצא. פֿון דער צווייטער זײַט — ווען אַפֿילו מען זאָל קאָנען נאָך קריגן אַזעלכע אויסגאַבעס — זײַנען די וווינונגען פֿון ס׳רובֿ מענטשן צו קליין און זיי האָבן פּשוט נישט גענוג פּלאַץ פֿאַר גרויסע פּריוואַטע ביבליאָטעקן, ווו יעדער שרײַבער זאָל זײַן פֿאַרטראָטן מיט צענדלינגער בענד. פֿאַראַן נאָך אַ דריטער מאָטיוו: אויב אַ מענטש בויט ערשט איצט אויף אַ היים און וויל האָבן אין זײַן שטוב ייִדישע ביכער, קאָן ער זיך ס׳רובֿ נישט דערלויבן אויסצוגעבן דאָס געלט, וואָס עס קאָסטן פֿולע אויסגאַבעס פֿון די ווערק פֿון ייִדישע שרײַבערס. מען דאַרף דעריבער זאָרגן דערפֿאַר, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַן אָפּקלײַב פֿון די ווערק פֿון באַזונדערע שרײַבערס: איין שרײַבער — איין אָפּגעקליבענער באַנד. מענטשן וועלן אַזוי אַרום קאָנען האָבן בײַ זיך מוסטערן פֿון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור.

ל. מ. שטיין האָט איבערגעגעבן דעם קולטור־קאָנגרעס די רעאַליזירונג פֿון דאָזיקן פּראָיעקט. ער האָט זיך נישט געפֿוילט און איז אַראָפּגעקומען צוליב דעם קיין ניו־יאָרק, ווו עס זײַנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן זיצונגען פֿון די אָנפֿירנדיקע קערפּערשאַפֿטן פֿון קולטור־קאָנגרעס מיט זײַן באַטייליקונג. ווי אַ רעזולטאַט דערפֿון וועט אין גיכן שוין פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן דאָס פֿערטע בוך פֿון דער דאָזיקער סעריע (די ערשטע דרײַ ביכער זײַנען געווען אָפּגעקליבענע ווערק פֿון אַבֿרהם רייזען, ישעיהו שפּיגעל און משה קולבאַק). דאָס בוך וואָס דאַרף איצטער אַרויס וועט באַשטיין פֿון אָפּגעקליבענע עסייען און פֿון דער אויטאָביאָגראַפֿיע פֿון דעם ליטעראַטור־קריטיקער און עסייִסט בעל־מחשבֿות. עס איז שוין פֿאַראַן אַ פּלאַן פֿאַר ווײַטערדיקע פֿיר ביכער, וואָס וועלן אַרויס אין יאָר 1954 — יעדע דרײַ חדשים אַ בוך.

ווי געזאָגט, האָט ל. מ. שטיין גלײַכצײַטיק נישט אויפֿגעגעבן זײַן אייגענע פֿאַרלאַג־טעטיקייט. די לעצטע דרײַ ביכער וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1953, רירן אָן פֿאַרשיידענע ליטעראַטור־געביטן. איין בוך (פֿון וויליאַם נאַטאַנסאָן) באַשטייט פֿון פֿילאָסאָפֿישע עסייען. אין אַ צווייטן בוך זײַנען אויפֿגעקליבן געוואָרן די לידער פֿון איינעם פֿון די עלטערע ייִדישע אַמעריקאַנער אַרבעטער־דיכטערס יצחק רייִנגאָלד (תּאומים), וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1903 אין עלטער פֿון 30 יאָר. דאָס דריטע בוך איז אַן איבערזעצונג פֿון דער וועלט־ליטעראַטור: פּראָמעטעוס, פֿון דעם גרויסן ענגלישן דיכטער פּערסי ב. שעלי. די פּאָעמע איז איבערגעזעצט געוואָרן פֿון דעם שרײַבער מ. בלעכמאַן, וואָס איז געשטאָרבן אָנהייב 1952 אין שיקאַגאָ. איצט דרוקט זיך און סיוועט נאָך הײַ־יאָר אַרויסגיין אַ זאַמל־בוך וועגן דעם באַקאַנטן ייִדישן שריפֿטשטעלער ב. ריווקין.

ביכער פֿון די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרײַבערס זײַנען אין משך פֿון די לעצטע קנאַפּע דרײַ צענדלינג יאָר אַרויס אין דעם ל. מ. שטיין־פֿאַרלאַג. מיר וועלן דאָ אויסרעכענען בלויז עטלעכע פֿון די דאָזיקע שריפֿטשטעלערס: י. אָפּאַטאָשו, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק, ש. ניגער, ה. רויזענבלאַט, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי און פֿיל אַנדערע. בערך אַ פֿינפֿטל פֿון ל. מ. שטיינס אויסגאַבעס זײַנען קונסט־אַלבאָמען.

## 12

## עפּיזאָדן, וואָס זײַנען מער ווי עפּיזאָדן

ל. מ. שטיינס פֿאַרלאַג־טעטיקייטן, זײַנע פֿאַרבינדונגען מיט דער ייִדישער ליטעראַרישער און קינסטלערישער וועלט, זײַנע פֿאַרבינדונגען מיטן ווילנער (און שפּעטער מיטן ניו־יאָרקער) ייִוואָ און זײַנע אויפֿטוען פֿאַר פֿאַרשיידענע אַנדערע נאַציאָנאַלע ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט פֿאַרשטעלט פֿאַר ל. מ. שטיינען זײַן אייגענע שטאָט שיקאַגאָ.

פֿאַרקערט: ל. מ. שטיין קוקט אויף זיך קודם־כּל ווי אויף אַ שיקאַגער ייִדן. די באַדערפֿענישן און די טעטיקייטן פֿון די שיקאַגער ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס זײַנען אים נישט נאָר נאָענט צום האַרצן, נאָר ער האָט זיי אָפּגעגעבן אַ גרויסן טייל פֿון זײַן גאַנצער ענערגיע אין משך פֿון די לעצטע דרײַסיק יאָר.

אָט עקסיסטירט אין שיקאַגאָ דער שלום-עליכם-פֿאָלק-אינסטיטוט (געגרינדעט אין יאָר 1925). ל. מ. שטיין האָט געהערט צו די גרינדערס און ערשטע אַקטיווע טוערס פֿון דעם דאָזיקן אינסטיטוט. אַ צײַט איז ל. מ. שטיין געווען זײַן פֿינאַנץ-סעקרעטאַר. שפּעטער, ווען ל. מ. שטיין איז געוואָרן טעטיק אויף אַ ריי אַנדערע קולטור-געביטן, האָט ער מער נישט געקאָנט זײַן אַקטיוו ווי פֿריִער אויפֿן שולגעביט. אָבער זײַן לאָיאַליטעט צום שיקאַגער שלום-עליכם-פֿאָלק-אינסטיטוט האָט ער נישט אויפֿגעגעבן ביזן הײַנטיקן טאָג. ל. מ. שטיין איז פֿאַררעכנט צווישן די געטרײַסטע פֿרײַנד פֿון שלום-עליכם-פֿאָלק-אינסטיטוט אין שיקאַגאָ און פֿון די ייִדישע שולן בכלל.

זייער אָפֿט פֿלעגט טרעפֿן, אַז ל. מ. שטיין האָט נישט געהאַט קיין אמונה אין דער אָדער יענער אינסטיטוציע. מען פֿלעגט צו אים קומען ער זאָל „העלפֿן ראַטעווען". עס פֿלעגט זיך אַ מאָל מאַכן, אַז ל. מ. שטיין איז געווען סקעפּטיש, צי די געגעבענע אינסטיטוציע קאָן נאָך געראַטעוועט ווערן, אָבער אָפּזאָגן איז נישט אין ל. מ. שטיינס נאַטור — זעלטן ווען ער האָט אַ מאָל אָפּגעזאָגט.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער דאָזיקער באַציִונג איז געווען די געשיכטע מיטן ליטעראַרישן וואָכנבלאַט קולטור, וואָס איז אַרויס אין שיקאַגאָ אין די יאָרן 1925-1926.

אַ גרופּע שיקאַגער ייִדישע קולטור-טוערס און שרײַבערס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין שיקאַגאָ אַ זשורנאַל קולטור, אָבער עפּעס האָט באַלד פֿון אָנהייב אָן „נישט געקלאַפּט". ל. מ. שטיין האָט נישט געהערט צום קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפֿירט דעם דאָזיקן זשורנאַל. אָבער ווען עס איז געוואָרן אַן אמתער פֿינאַנציעלער קריזיס אין דער אַדמיניסטראַציע איז מען געקומען צו ל. מ. שטיינען ער זאָל ראַטעווען. די לאַגע איז געווען אַן אויסזיכטלאָזע. אָבער ל. מ. שטיין האָט נישט אָפּגעזאָגט. מיט זײַן באַקאַנטער ענערגיע האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט אַרום דעם זשורנאַל, פּרוּוונדיק אים אַוועקצושטעלן אויף געזונטע פֿינאַנציעלע יסודות. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. ל. מ. שטיין — כאָטש ער איז געשטאַנען בײַ דער אָנפֿירונג פֿון זשורנאַל בלויז די לעצטע וואָכן — האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן דעם געדאַנק, אַז אַ ייִדישע קולטור-אינסטיטוציע זאָל אונטערגיין מיט אַ שלעכטן נאָמען — אַז זי זאָל „אָנזעצן" אירע בעלי-חובֿות. דער סוף איז געווען, אַז ל. מ. שטיין האָט געדעקט דעם דעפֿיציט פֿון זײַן אייגענער קעשענע.

מיט צוויי יאָר שפּעטער איז ל. מ. שטיין געווען אַרײַנגעטאָן אין אַ נײַעם פּראָיעקט — אַ ייִדישער מוזיי. ל. מ. שטיין האָט געהאַט זייער גרויסע פּלענער. ער און זײַן שותּף אין דער דאָזיקער אַרבעט, דער מאָלער טאָדרעס געלער, האָבן געפּלאַנט אויסצובויען אין שיקאַגאָ אַ בכּבֿודיקע ייִדישע מוזיי-אינסטיטוציע. זיי זײַנען געווען זיכער, אַז ווי נאָר זיי וועלן מאַכן דעם אָנהייב, וועלן זיי באַקומען די שטיצע פֿון ברייטע ייִדישע אינטעלעקטועלע און געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן. זיי האָבן גענומען זאַמלען פֿאַרשיידענע מוזעאַלע איינסן — קונסטבילדער, ביכער, יקר-המציאותן, האָלצשניטן, ליטאָגראַפֿיעס אאַז"וו. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אויסשטעלונג מיטן אָנטייל פֿון צוויי צענדלינג קינסטלערס (124 איינסן).

די אויסשטעלונג האָט זייער שטאַרק אויסגענומען אין די ברייטע קרײַזן פֿון דער ייִדישער און נישט-ייִדישער אינטעליגענץ פֿון שיקאַגאָ. די אידעע פֿון אַ מוזיי האָט

אויך אויסגענומען. אבער ווען די ערשטע כוואליע פון ענטוזיאזם האט זיך איינגעשטילט, האט זיך ארויסגעוויזן, אז ביי דער ארבעט ארום דעם מוזיי זיינען געבליבן בלויז די צוויי ארגאניזאטארן — ל. מ. שטיין און טאדרעס געלער. פאראיינזאמטע האבן זיי נאך געפרוווט אונטערצוהאלטן די אידעע. געלער איז ארויסגעטראטן מיט א סעריע לעקציעס. ער איז אפילו ארויסגעפארן אין א פאר ארומיקע שטעט, ווו עס זיינען איינגעארדנט געווארן קלענערע אויסשטעלונגען. נאך א יאר צייט זיינען זיי אבער געווען געצווונגען אויפצוגעבן די אידעע פון א יידישן מוזיי אין שיקאגא.

גלייכצייטיק מיט דעם אויפרודער ארום דעם פראיעקט פון א יידישן מוזיי איז אויפגעקומען אן ענלעכע אידעע — שאפן אין שיקאגא א קונסטהיים. פראקטיש האט דאס געזאלט זיין א פאראייניקונג פון מאלערס, סקולפטארן, מוזיקערס און דיכטערס. די זעלבע צוויי מענטשן, וואס האבן זיך באשעפטיקט מיטן מוזיי, האבן זיך גענומען בויען די קונסטהיים. טאדרעס געלערס קונסטסטודיע איז געווארן דער אדרעס, ווו שרייבערס און קינסטלערס פלעגן זיך צוזאמענקומען יעדן שבת און פארברענגען אין אן אינטימען קרייז. עס זיינען פארגעקומען דעבאטעס וועגן קונסט, עס זיינען געהאלטן געווארן לעקציעס. געסט פון ניו־יארק — מערסטנס שרייבערס — האבן מיט פארגעניגן זיך באטייליקט אין די באגעגענישן פון דער קונסטהיים. טייל מאל פלעגט מען אפילו נעמען פאר דעם צוועק א האטעל־צימער. ל. מ. שטיין איז, ווי אין אלע אנדערע אינסטיטוציעס, געווען קאסיר. אגב איז ער געווען דער איינציקער נישט־קינסטלער און נישט־שרייבער, וואס האט זיך באטייליקט אין די דאזיקע באגעגענישן. צוזאמען מיטן מוזיי איז אויך אונטערגעגאנגען די קונסטהיים.

מיטן אונטערגאנג פון די דאזיקע צוויי אינסטיטוציעס איז אבער נישט אפגעשוואכט געווארן ביי ל. מ. שטיינען זיין טיפער אינערלעכער אינטערעס פאר יידישער קונסט און פארן יידישן קינסטלער. זיינע ריין פערזענלעכע פארבינדונגען מיט א גרויסער צאל יידישע קינסטלערס איז א באזונדער קאפיטל, א רייך קאפיטל, וואס וועט א מאל דארפן דערציילט ווערן. די קינסטלערס אליין וועלן עס דארפן דערציילן. ל. מ. שטיין איז זייער איינגעהאלטן, ווען עס קומט צום דערציילן וועגן דעם, וואס און ווי אזוי ער האט אין פארשיידענע, פאלן געטאן פאר דער אדער יענער וויכטיקער פערזענלעכקייט אינעם יידישן לעבן.

ווי ס'איז שוין נישט איין מאל דערציילט געווארן, איז ל. מ. שטיין תמיד דער, וואס זוכט פאר זיך אוים אלץ נייע און נייע אויפגאבעס. ווי נאר ער דערפילט ביי זיך, אז ער האט — ווי ער אליין דריקט זיך אפט מאל וויציק אוים — „עטלעכע איבעריקע דאלאר”, פארטראכט ער גלייך עפעס א פלאן, זוכט אוים פאר דעם די פאסיקע מענטשן און אינסטיטוציעס און רוט נישט אזוי לאנג ביז וואנען דער פלאן ווערט רעאליזירט. אין א געוויסן מאמענט — דאס איז געווען אין די לעצטע צען יאר — האט ל. מ. שטיין, לויט דער עצה פון ד"ר מאקס וויינרייך, פינאנצירט א זייער ערנצטע פארשארבעט פון דער קונסט־קריטיקערין ר ח ל  ו ו י ש נ י צ ע ר. אין רעזולטאט פון דער צוזאמענארבעט פון די דאזיקע דריי פערזאן איז, ווי געזאגט, אויסגעוואקסן א פולע ביבליאגראפיע פון יידישער קונסט, וואס האט ארום 700 פאזיציעס. אויסער דעם האט פרוי רחל ווישניצער אנגעשריבן צוויי זייער וויכטיקע ארבעטן וועגן מיזרח־מערבדיקע

השפּעות אין דער ייִדישער קונסט פֿון אַ מאָל, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין דער אַרכיטעקטור און אין דער מאָלערײַ פֿון סינאַגאָגעס, וואָס זײַנען געבויט געוואָרן אין משך פֿון די לעצטע קנאַפּע טויזנט יאָר אין אייראָפּע.

אַ טייל פֿון דער דאָזיקער אַרבעט פֿון רחל ווישניצער איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אינעם נומ׳ 1 פֿון באַנד XIX פֿון די **ייִוואָ-בלעטער** (פֿרילינג 1947). די אַרבעט הייסט: „מיזרח-מערבֿדיקע בינדונגען אין דער שולן-אַרכיטעקטור פֿון צוועלפֿטן ביזן אַכצנטן יאָרהונדערט״. די אַרבעט פֿאַרנעמט קנאַפּע 50 זײַטן. די זעלבע אַרבעט איז אויך פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אויף ענגליש אינעם **ייִוואָ-ענוּיועל** באַנד 2-3 פֿונעם יאָר 1947-1948 (זז׳ 25-68). די צווייטע אַרבעט „מיזרח-מערבֿדיקע בינדונגען אין דער שולן-מאָלערײַ״ איז נאָך אין מאַנוסקריפּט.

ל. מ. שטיין האָט אויך פֿינאַנצירט אַ סעמינאַר וועגן ייִדישער קונסט בײַם ייִוואָ אין ניו-יאָרק. דאָס איז געווען אינעם ווינטער-סעזאָן 1945-1946. יעדן דאָנערשטיק איז אין ייִוואָ-בנין זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע מענטשן אויסצוהערן לעקציעס וועגן ייִדישער קונסט. פֿרוי רחל ווישניצער איז געווען דער לעקטאָר. דער סעמינאַר האָט געדויערט קנאַפּע פֿיר חדשים.

13

## מיר האַלטן נאָך ווײַט פֿון סוף

ל. מ. שטיינס ביאָגראַפֿיע איז נישט פֿאַרענדיקט. צו דעם, וואָס מיר האָבן דאָ איצטער דערציילט וועלן צוקומען נאָך פֿיל, פֿיל קאַפּיטלען. ל. מ. שטיין קלײַבט זיך נישט צו רוען אויף די לאָרבערן פֿון זײַנע אָפּגעטוענע אַרבעטן און זיך נעמען אַ גוט פֿאַרדינטן לענגערן אָפּרו. ל. מ. שטיין איז זייער אַן אומרויִקע נאַטור. זײַן בעסטער אָפּרו איז, ווען ער קאָן זיך אָפּרײַסן פֿון טאָג-טעגלעכע זאָרגן און זיך אָפּגעבן דעם אָדער יענעם געזעלשאַפֿטלעכן אויפֿטו. זײַן פֿאַמיליע איז אָפֿט באַזאָרגט. זײַנע פֿרײַנד בעטן אים אָפֿט נישט צו זײַן אַזוי האַסטיק. ל. מ. שטיין שמייכלט שטיל אונטער, זאָגט אַפֿילו טייל מאָל צו און... האַלט נישט קיין וואָרט.

אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט, וואָס וואַרפֿט אַ ליכט אויף דער פּערזענלעכקייט פֿון ל. מ. שטיינען:

אין זײַנע פּריוואַטע געשעפֿטן האָט ל. מ. שטיין אַ שותּף, אַ נישט-ייִד, ווען עס קענען פֿיל מענטשן וואָס באַזוכן ל. מ. שטיינען אין שיקאַגאָ. אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער פֿון ניו-יאָרק פֿילט זיך צום ערשטן מאָל נישט-באַקוועם, ווען ער דאַרף צונעמען ל. מ. שטיינס צײַט אין די שעהן, וואָס ער געפֿינט זיך אינעם אָפֿיס. מען ווייסט, אַז ער האָט אַ נישט-ייִדישן שותּף און מען טראַכט אָפֿט מאָל, אַז ער קען זיך פֿילן באַ-לעסטיקט פֿון געזעלשאַפֿטלעכע וויזיטן אין דער נאָרמאַלער אַרבעטצײַט אינעם געשעפֿט. אָבער וואָס ווײַזט זיך אַרויס? ל. מ. שטיינס שותּף איז אַזוי אַרײַנגעצויגן געוואָרן דורך שטיינען אין זײַן, שטיינס, אידעען-וועלט, אַז ער, דער שותּף, האָט אָנגעהויבן נעמען אַ טיפֿן אינטערעס אין אַלע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעטן פֿון זײַן

ייִדישן שותּף. ער פֿרייט זיך מיט די דערפֿאָלגן פֿון זײַן שותּף, ער העלפֿט אים שאַפֿן פֿינאַנצן פֿאַר די אינסטיטוציעס וואָס זײַנען אים נאָענט. ער אָריענטירט זיך אינעם כאַראַקטער פֿון די דאָזיקע אינסטיטוציעס — ער ווייסט וואָס יעדע פֿון זיי טוט.

ריידנדיק וועגן ל. מ. שטיינען הערט מען זייער אָפֿט די ריכטיקע באַצייכענונג, אַז דאָס איז אַ מענטש מיט זייער פֿיל איניציאַטיוו און ענערגיע. אָבער ערשט ווען מען באַקענט זיך מיט ל. מ. שטיינס טעטיקייט פֿון דער נאָענט, ווען מען באַקומט אַ באַגריף פֿון דעם סכום אַרבעט, וואָס ער טוט אָפּ אין משך פֿונעם טאָג און אין משך פֿון דער וואָך; ערשט ווען מען באַקענט זיך מיטן פֿאַרנעם פֿון זײַן אומגעהײַער פֿאַרצווײַגטער קאָרעספּאָנדענץ — באַנעמט מען דעם אמתן באַטײַט פֿון דער דערמאָנטער באַצייכענונג.

מיט זײַנע אייגענע הענט טוט ל. מ. שטיין אָפּ די אַרבעט פֿון אַ גאַנצן שטאַב מענטשן. ווען ער גיט אַרויס אַ בוך, גיט ער אַליין אַכטונג אויף צענדלינגער טעכנישע פּרטים. ער באַקומט אָן אַ שיעור בריוו און קיינער קען זיך נישט באַקלאָגן, אַז ל. מ. שטיין ענטפֿערט נישט אויף בריוו. אויסער דעם קאָרעספּאָנדירט ל. מ. שטיין מיט פֿאַרשיידענע מענטשן און אינסטיטוציעס לויט זײַן אייגענער איניציאַטיוו.

עס איז, צום בײַשפּיל, צו באַוווּנדערן דעם פֿלײַס, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרײַנגעלייגט אין אויפֿזוכן ייִדישע ביבליאָטעקן און אַרכיוון אין גרויסע און קליינע שטעט איבער דער גאַנצער וועלט כּדי זיי צו באַזאָרגן מיט אומזיסטע ביכער.

עס איז רירנדיק צו לייענען די קאָרעספּאָנדענץ צווישן ל. מ. שטיינען און דער ייִדישער ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון יצחק לייבוש פּרץ אין דעם גאַליציאַנער שטעטל ט ש אָ ר ט ק ע ו ו, צום בײַשפּיל. יאָרן און יאָרן איז טשאָרטקעוו געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט מיט דער באַרימטער דינאַסטיע רביים, וואָס האָבן געהאַט זייער רעזידענץ אין דאָזיקן שטעטל. אָבער צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז דאָס שטעטעלע טשאָרטקעוו געוואָרן באַקאַנט מיט אַ וועלטלעכער אינסטיטוציע — מיט דעם דאָרטיקן יצחק לייבוש פּרץ־פֿאַראיין, וואָס האָט געהאַט בײַ זיך אַ זייער פֿײַן ביבליאָטעקל.

די ייִדישע קולטור־טוערס אין דעם דאָזיקן קליינעם שטעטל האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם נאָמען ל. מ. שטיין, ווי מיט עפּעס אַ לעגענדע. ל. מ. שטיין האָט זיי באַזאָרגט נישט נאָר מיט ביכער פֿון זײַן אייגענעם פֿאַרלאַג — אָן עפֿנטלעכן טומל האָט ער זיי בכלל געשיקט ביכער פֿון צײַט צו צײַט. איינציקווײַז פֿלעגן די ביבליאָטעקן אין די שטעטלעך אין אייראָפּע אָנהייבן קוקן אויף ל. מ. שטיינען פֿון שיקאַגאָ ווי אויף זייערן אַ פֿאַרזאָרגער און מען פֿלעגט צו אים שרײַבן וועגן די פֿאַרשיידנסטע צרות, וואָס די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָבן געהאַט. ווען איר באַקענט זיך מיט ל. מ. שטיינס קאָרעספּאָנדענץ צווישןביידע וועלט־מלחמות, באַקומט איר די איבערצײַגונג, אַז ער איז נישט סתּם אַזוי אַ יחיד — ער איז געוואָרן אַן אינסטיטוציע, אַ וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציע בײַ ייִדן. מיט וועמען האָט ל. מ. שטיין זיך נישט איבערגעשריבן? וועלכע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס האָט ער נישט באַדינט מיט אַלעם, וואָס איז געווען אין זײַנע מעגלעכקייטן?

איר מישט די פּריוואַטע אַרכיוון פֿון ל. מ. שטיינען און אָט זעט איר אַ קאָרעספּאָנדענץ מיטן אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע אין קיִעוו. אָט ליגן פֿאַר אײַך בריוו פֿון דער מלוכישער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון סאַלטיקאָוו-שטשעדרין אין לענינגראַד. איר מישט ווײַטער און איר טרעפֿט זיך אָן אויף בריוו פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע (ייִדישער סעקטאָר) אין מינסק. ווײַטער קומט די ייִדישע אָפּטיילונג פֿון דער כאַרקאָווער מלוכישער ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון קאָראָלענקאָ, די מלוכה-ביבליאָטעק פֿון ווײַסרוסלאַנד אין מינסק, די קאַטעדרע פֿאַר ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע אין קיִעוו, די צענטראַלע ייִדישע מלוכה-ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון מאָריס ווינטשעווסקי אין קיִעוו, דער ווילנער צב"ק, די ייִדישע בילדונגס-געזעלשאַפֿט אין ליטע, פֿאַרשיידענע ייִדישע בילדונגס-אינסטיטוציעס אין ישׂראל, פֿאַרשיידענע גרויסע און קליינע ייִדישע ביבליאָטעקן אין גאַנץ אייראָפּע, ביבליאָטעקן און קונסט-אינסטיטוציעס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. יעדער פֿון די דאָזיקע בריוו איז פֿאַרבונדן מיט קאָנקרעטע ענינים, וואָס מען האָט געדאַרפֿט באַזאָרגן.

איר לייענט די דאָזיקע אַלע בריוו און איר פֿרעגט זיך אַליין מיט שטוינונג: פֿון וואַנען האָט דער דאָזיקער מענטש גענומען כּוח און צײַט צו פֿירן אַזאַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ און אויסצופֿירן אַזוי פֿיל בקשות?

יאָ, ל. מ. שטיין איז נישט סתּם אַזוי אַ קולטור-טוער. ער אַליין איז, ווי מיר זאָגן אויבן, אַ גאַנצע אינסטיטוציע — אַ גרויסע קולטור-אינסטיטוציע בײַ ייִדן פֿון אונדזער צײַט.



# ל. מ. שטיין — אַ קולטור־בויער

ש. ניגער (ניו־יאָרק)

פֿאַראַן דרײַ מינים ייִדישע קולטור־טוערס: א) אַזוינע, וואָס שטיצן די אָדער יענע קולטור־אינסטיטוציעס מיט געלט; ב) אַזוינע, וואָס שענקען זיי אַ טייל פֿון זייער צײַט און ג) יענע, וואָס האָבן אַ שײַכות צו אונדזער עצם לעבן און שאַפֿן און וואָס זיי אַליין געניסן די פּראָדוקטן פֿון אונדזער גײַסטיקער קרעאַטיוויטעט.

עס זײַנען אָבער אויך פֿאַראַן מענטשן, וואָס זײַנען ווערט צו טראָגן דעם נאָמען ייִדישע קולטור־טוערס סײַ אין דעם ערשטן, סײַ אין דעם צווייטן, סײַ אין דעם דריטן זינען פֿונעם וואָרט, אויב מען מעג איבערחזרן „סײַ" מער ווי צוויי מאָל (סײַ־ווי־סײַ איז די צאָל פֿון אַזוינע טוערס בײַ אונדז גאַנץ קליין).

צו אָט דער גאַנץ קליינער, אָבער זייער חשובֿער גרופּע געהערט ל. מ. שטיין. ער איז איינער פֿון די, וואָס זיי קומט אַ גרעסערער מורנו ווי קולטור־טוערס — זיי געהערן צו אירע בויערס.

זינט איך קען דעם קולטור־בויער ל. מ. שטיין — און איך קען אים שוין אַ קײַמאָ־לן פֿון מער ווי דרײַ צענדלינג יאָר — איז אַלץ, וואָס איז שייך צו גײַסטיק־ייִדישער אַרבעט — דער הויפּט צו ליטעראַטור, קונסט, דערציִונג, בילדונג, פֿאָרשונג — אַ טייל, אַן אָרגאַנישער טייל, פֿון זײַן מאַטעריעלן און, אַזוי צו זאָגן, גײַסטיקן בודזשעט, אַ טייל פֿון זײַן טאָג אַרבעט (און דאָס איז אַ טאָג, וואָס פֿאַרציט זיך אָפֿט טיף אין אָוונט אַרײַן). דאָס איז די פֿאָרעם פֿון זײַן פּערזענלעכן קולטורעלן אויסלעבן זיך.

און דאָס איז מיר אין אים מער ווי אַלץ געפֿעלן. אָט דאָס — חזר איך איבער — וואָס אין זײַנע קולטור־אַקטיוויטעטן, דער הויפּט אין זײַנע געזעלשאַפֿטלעך־פֿאַרלעגערישע אויפֿטוונגען, איז קיין מאָל ניט געווען קיין גרענעץ צווישן זײַן פּערזענלעכן געשמאַק, זײַנע פּערזענלעכע סימפּאַטיעס, און די מיטלען, די כּוחות, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן זײַן גײַסטיקער כּלל־אַרבעט.

אַז ער האָט, אַ שטייגער, גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו (אָדער ער האָט אָנגענומען אימעצנס אַ פֿאָרשלאָג) אַרויסצוגעבן אונטער זײַן פּערזענלעכער השגחה, מיט אָדער אָן דעם שטעמפּל פֿון זײַן פֿאַרלאַג, אַ בוך, אַ בראָשור, אַ פֿלוגבלאַט, אַ ייִוואָ־אויסגאַבע, אַ קונסטאַלבאָם, אָדער אַ גאַנצע ביבליאָטעק, ווי דאָס איז לעצטנס די „ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק" בײַם ייִדישן קולטור־קאָנגרעס — קאָנט איר זײַן זיכער, אַז דאָס זײַנען אַלץ פּובליקאַציעס אינעם גײַסט און לויטן גוסט פֿון אונדזער חשובֿן יובילאַר.

אַלץ, וואָס אים איז צום האַרצן אין די דאָזיקע אויסגאַבעס (און זייער צאָל האַלט אין איין וואַקסן), פֿאַרשאַפֿט אים פֿרייד, אמתן נחת־רוח, און ער טוט אַלץ, וואָס ער קאָן, ער קאַרגט נישט קיין מי און קיין מיטלען, אַז וואָס מער ביבליאָטעקן זאָלן זיי קריגן (אויף זײַן חשבון), אַז וואָס מער יחידים זאָלן פֿון זיי עפּעס לערנען און גײַסטיק הנאה האָבן.

עס איז נישטאָ זיך וואָס צו שעמען מיט זײַן סתּם אַזוי אַ פֿילאַנטראָפּ אָדער אַ בעל־צדקה — הלוואַי זאָלן זײַן בײַ אונדז מער בעלי־צדקה, מער מעצענאַטן, אָדער ווי נאָך איר רופֿט זיי. אָבער אונדזער בעל־יובֿל איז מער ווי סתּם אַזוי אַ צדקה־געבער.

די אַרבעט, דער אינטערעס, וואָס ער שענקט אַזאַ אָדער אַן אַנדער קולטורעלער אונטערנעמונג — דאָס איז זײַן גײַסטיקער זעלבסטאויסדרוק, דאָס איז דער אינטימער חלק, וואָס ער לייגט אַרײַן אין אונדזער קולטורבויונג — און דאָס איז, וואָס זי קערט אים גײַסטיק אום צוריק — מיט אַן עודף.

קורץ, ל. מ. שטיין איז אַ געבער וואָס זײַן געבן איז צו גלײַכער צײַט אויך אַ נעמען, — דער שענסטער און שעפֿערישסטער מין געבן...

אַז וויל איז ל. מ. שטיינען, וואָס ער האָט דערצו זוכה געווען.

זאָל עס אים וויל באַקומען. כ'ווינטש עס אים פֿון גאַנצן האַרצן.

# דער טרעגער און דער היטער

י. סיגעל (שיקאַגאָ)

ער איז געקומען צו אונדז אַ רוסיפֿיצירטער, אַ קאָסמאָפּאָליט, אַן אינטערנאַציאָנאַליסט.

ער איז געווען יונג און אומרויִק. ער האָט געבראַוזשעט מיט ענערגיע און מיט קאַמף.

מען מוז גלײַך איבערמאַכן די אַלטע אָרדענונג, מען מוז אָפּשאַפֿן אַלע אומגלײַכקייטן און אַלע אונטערדריקונגען. דער צאַר מוז גיין, רוסלאַנד מוז זײַן פֿרײַ — און ממילא וועלן ייִדן זײַן פֿרײַ — און עס וועט זיך באַלד אָנהייבן אַ נײַ, פֿרײַ און שיין לעבן, אָן אונטערשייד פֿון מענטש צו מענטש, פֿון ייִד צו קריסט.

אין דער „איסקראַ" האָט ער געפֿונען זײַן אָרט פֿאַר דער באַשאַפֿונג פֿון אַ דער נײַער וועלט, אָבער איידער די נײַע אָרדענונג איז געקומען, האָט ער זיך דערווײַל געהאַט אויסגעטאָן פֿון זײַן ייִדישקייט.

עס איז ניט געווען זײַן שולד, וואָס די רעוואָלוציע איז ניט געגאַנגען, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אין זײַן צעפֿלאַמטער, יוגנטלעכער פֿאַנטאַזיע. ער איז געווען גרייט צום קאַמף און צו ברענגען דעם גרעסטן קרבן.

אין זײַן שיינעם אוקראַיִנישן שטעטל בעריסלאַוו האָט ער געזען דעם אויפֿשוווּנג פֿון אַ די נײַע אידעען און ער האָט אויך געזען סײַ די ברוטאַלע אונטערדריקונג און סײַ די פֿרײַהייט־באַוועגונג.

ווי פֿיל אַנדערע פֿון זײַן דור, איז ער געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן רוסלאַנד. ער איז פֿאַרטראָגן געוואָרן מיטן גרויסן אויסוואַנדערונגס־שטראָם קיין אַמעריקע.

דאָ, אין אַמעריקע, האָט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקט אַ נײַ לעבן. דאָ איז ער צוריקגעקומען צו זײַן פֿאָלק און זײַן שפּראַך און זײַן קולטור. אמת, אין די ערשטע יאָרן האָט ער אויך אין אַמעריקע זיך באַנוצט מיט רוסיש, עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און ייִדיש האָט פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿון רוסיש.

ער איז געוואָרן אַ פֿאַרברענטער ייִדישיסט. ער קען ניט רוען. מען מוז דאָ, אין דעם נײַעם לאַנד, אין דער נײַער היים, אין שיקאַגאָ, אַרבעטן פֿאַר דער ייִדישער שפּראַך און פֿאַר דער ייִדישער קולטור. בײַ אים איז ניטאָ קיין האַלבע אַרבעט. פּונקט ווי ער האָט געברענט מיט דעם רעוואָלוציאָנערן פֿײַער אין בעריסלאַוו, אַזוי האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן פֿאַר דער ייִדישער קולטור. ער קומט אין אַלע קרײַזן, ווו עס פֿאַרזאַמלען זיך ייִדישע מאַסן, און ער ווערט אַ טרעגער פֿון דער ייִדישער קולטור.

און עס איז אַוועק שוין באַלד 30 יאָר ווי ער איז אַ קולטור־טרעגער און אַ קולטור־טוער. ער ווערט ניט מיד. ער לאָזט ניט אַראָפּ די הענט. עס וועפּט זיך בײַ אים ניט אויס זײַן באַגײַסטערונג.

כאָטש ער באַזיצט די התלהבֿות פֿון שרײַבער און דיכטער, איז ער אָבער ניט באַשאָנקען מיט אַ שרײַבערישן טאַלאַנט — די פּאָעטישע מוזע האָט פֿאַרפֿעלט אים אַ קוש צו טאָן.

דערפֿאַר איז ער אָבער דער געטרײַער היטער, טרעגער און פֿאַרשפּרייטער פֿון אַלעם, וואָס ווערט געשריבן אין דער ייִדישער שפּראַך.

נאָך מער, ער איז שטאַרק מדקדק, אַז אונדזער ייִדיש לשון זאָל זײַן ריין פֿון פֿרעמדע אָנוווּקסן — צי דאָס זײַנען גערמאַנישע, סלאַווישע אָדער ענגלישע.

ניט איין שרײַבער קריגט אָפּט פֿון אים בריוולעך מיט זײַן געטאָקטן כּתבֿ וועגן דער נייטיקייט צו האַלטן ריין אונדזער לשון.

אַחוץ דעם אַלעם איז ער דער אמתער מעצענאַט פֿון אונדזער קולטור אין אַמעריקע.

דער פֿאַרלאַג אויף זײַן נאָמען איז גוט באַקאַנט. עס איז אפֿשר גאָרניט באַקאַנט, אַז דאָס איז ניט קיין פֿאַרלאַג פֿאַר פּראָפֿיטן. עס איז אַ פֿאַרלאַג צו פֿאַרשפּרייטן ייִדישע ביכער נישט געקוקט אויף די דעפֿיציטן.

גראָד אין דער צײַט, ווען עס האָט געגעבן אַ בלי אויף די ייִדישע ליטעראַטור, די ייִדישע שפּראַך און די ייִדישע זשורנאַליסטיק אין אַמעריקע, איז געקומען צו אונדז איינער פֿון אַ פֿרעמדער וועלט און מיט איר כּורת־ברית געווען.

דעמאָלט, מיט 30 יאָר צוריק, האָט עס זיך ניט אַזוי שטאַרק אָנגעזען. ער איז געווען יונג און קיין ענטוזיאַסטן האָבן דעמאָלט ניט געפֿעלט אויף דער ייִדישער גאַס.

אַנדערש איז אָבער געגאַנגען דאָס לעבן — דאָס ייִדישע לעבן — דאָ, אין אונדזער נײַער היים. דער אויפֿשטײַג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור האָט צו שנעל דערגרייכט דעם שפּיץ.

און ווײַל עס איז אַזוי, דאַרף מען ערשט האָבן ענטוזיאַסטן און טרעגער און טוער. די רייען ווערן שיטערער. פֿיל זײַנען אַוועק זייען און אַקערן אין פֿרעמדע גערטנער. די צײַט האָט געטאָן דאָס אירע און פֿיל פֿאַרשניטן אויף אייביק.

אָבער אונדזער ל. מ. שטיין טרעט נישט אָפּ פֿון זײַן פּאָזיציע. ער רופֿט, ער וועקט, ער וואַרפֿט דעם שײַן פֿון זײַן לאַמטערן אין אַלע זײַטן.

דאָס איז דער וועג פֿון דער ייִדישער שפּראַך, פֿון דער ייִדישער קולטור, פֿון דעם אייגנאַרטיקן ייִדישן לעבן, פֿון די גרויסע, רײַכע ייִדישע שאַפֿונגען, פֿון אומגעווייִנטלעכע אוצרות פֿון אַלע דורות, פֿון אָנפֿאַנג ביז אין דער ווײַטער צוקונפֿט אַריין.

עס רײַסט זיך אַרויס אַ תּפֿילה: געזונט און שטאַרק זאָל ער אונדז זײַן נאָך אַ לאַנגע, לאַנגע צײַט.

# עס איז גוט צו האָבן אים אין שיקאַגאָ

**י. אַ. דובאָוו** (שיקאַגאָ)

מיט ל. מ. שטיינען האָב איך זיך באַקאַנט נעענטער ערשט אין 1926, ווען דער שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן און ל. מ. שטיין איז אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַרן קאַסירער פֿון אינסטיטוט. דעם זעלבן יאָר האָט דער אינסטיטוט אַראַנזשירט די פֿײַערונג פֿון אבֿרהם רייזענס 50יאָריקן געבוירן־טאָג.

די פֿײַערונג איז געפּראַוועט געוואָרן אויף אַ גרויסן מאָסשטאַב, אין אַ גרויסן טעאַטער, מיט אַ גאָר פֿײַנער פּראָגראַם. הגם די אונטערנעמונג איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, האָט אבֿרהם רייזען געקראָגן אַן אָנגעזעענעם האָנאָראַר. רייזען איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון שיקאַגאָ ביז גאָר אַ צופֿרידענער.

אַ סך פֿון דעם דערפֿאָלג פֿון דער פֿײַערונג איז געווען צו פֿאַרדאַנקען טאַקע ל. מ. שטיינען. עס איז ניט פֿאַרבײַ קיין איין טאָג שטיין זאָל ניט רופֿן וועגן דעם ענין. אָפֿט מאָל פֿלעגט ער רופֿן ניט דירעקט וועגן דער רייזען־אונטערנעמונג (דאָס וואָלט אויסגעזען ווי ער וואָלט מיך „געמונטערט" צו דער אַרבעט). ער פֿלעגט שוין געפֿינען אַן אויסרייד, אַ סיבה, מיך אָפּצורופֿן — וועגן אינסטיטוט, וועגן אַ בוך אד"גל.

ל. מ. שטיין האָט געטאָן אַלץ, אַז די אונטערנעמונג זאָל זײַן דערפֿאָלגרײַך, ווײַל מחוץ וואָס ער האָט תמיד שטאַרק געהאַלטן פֿון רייזענען, איז ער געווען גאָר פֿאַראינטערעסירט, אַז רייזען זאָל קריגן אַ פּאַסיקן האָנאָראַר. אַוודאי האָט ער געזאָרגט, אַז די פֿײַערונג זאָל זײַן אויך מאָראַליש דערפֿאָלגרײַך — מאָראַליש נאָך מער ווי מאַטעריעל.

אָט דעם צוגאַנג האָט ל. מ. שטיין בײַ יעדער זאַך, וואָס ער טוט, ספּעציעל ווען ער קלײַבט זיך אַרויסגעבן אַ בוך. ער איז אַ גרויסער מפֿונק. דער דרוק, דאָס פּאַפּיר, דער אײַנבונד — אַלץ דאַרף זײַן עסטעטיש און האַרמאָניש. אַפֿילו ווען ער דאַרף אָפּדרוקן אַן אײַנלאַדונג איז ער אויך אַזוי זאָרגעוודיק. אויף אַן אײַנלאַדונג, וואָס ווערט אַרויסגעשיקט פֿון שטיינען, זעט מען זײַן „שטעמפּל". בײַ יעדער גרעסערער קולטור־אונטערנעמונג — בײַ פּראָגראַם־פֿראַגן, צי בײַ מעכנישע ענינים — ווייסן אַלע, אַז מען דאַרף זיך ווענדן צו ל. מ. שטיינען.

דער ייִוואָ איז תמיד געווען פֿאַראינטערעסירט צו זאַמלען וואָס מער מאַטעריאַלן פֿאַר זײַן אַרכיוו. אין די ע"שטע יאָרן פֿון זײַן עקסיסטענץ איז יעדער אַרכיוו־איינס געווען אַן אוצר.

ל. מ. שטיינס אַרבעט אַלס קלײַבער פֿון אַרכיוו־מאַטעריאַלן פֿאַרן ווילנער ייִוואָ איז ניט אָפּצושאַצן. שטיין איז געווען דער גליקלעכסטער מענטש, ווען אים איז געלונגען צו קריגן פֿאַרן ייִוואָ־אַרכיוו אַ פּעקל מאַטעריאַלן. אים איז ניט געווען שווער צו פֿאָרן מײַלן ווײַט, אויב אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט קריגן עפּעס וואָס האָט אַ ווערט פֿאַרן ייִוואָ. עס האָט ניט געהאָלפֿן קיין טענות, אַז מען וויל עס האַלטן פֿאַרן אייגענעם אַרכיוו — דער ייִוואָ איז בילכער.

אין שיקאַגאָ האָט געלעבט אַן אַלטער שוישפּילער — ווײַנשטאָק. שטיין האָט אויסגעפֿונען, אַז דער ייִד פֿאַרמאָגט אַ קאָלעקציע פֿון טעאַטער־אַפֿישן. שטיין האָט זיך ניט געפֿוילט, אַוועק צו ווײַנשטאָקן צו קריגן די אַפֿישן פֿאַרן ייִוואָ. דער אַלטער אַקטיאָר האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט די פּלאַקאַטן פֿון טעאַטער, ווו עס איז געווען געדרוקט זײַן נאָמען און די נעמען פֿון זײַנע קאָלעגן. ער האָט זיי געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. אָבער שטיין האָט ניט גערוט, ביז ער האָט ניט אַרויסגעקריגן די אַפֿישן און זיי אָפּגעשיקט קיין ווילנע.

איך ווינטש שטיינען נאָך לאַנגע יאָרן, פּראָדוקטיווע יאָרן. עס איז גוט פֿאַר דער ייִדישער קולטורעלער שיקאַגאָ צו האָבן בײַ זיך אַזאַ וואַרעמען ייִד ווי ער איז. זאָל ער לעבן אין נחת מיט זײַן משפּחה און טאָן ווײַטער די אַרבעט לטובֿת הכּלל.

## ל. מ. שטיין — אַ רינג אין אַ גרויסער קייט

**י. אָפּאַטאָשו** (ניו־יאָרק)

●

נעמט צו מײַנע האַרציקע ברכות צו אײַערע זיבעציק יאָר.

ווען איך טראַכט וועגן אײַך, ליבער שטיין, דערשײַנען פֿאַר מיר יחידים, וואָס טראָגן מיט זיך אַ טויזנט יאָר ייִדישע קולטור — פֿון אבֿן שאַפּרוטן אין שפּאַניע, ביז דעם פּוילישן אבֿרהם יוסף שטיבל.

אײַער אַרבעט, שטיין, איז אַ המשך פֿון זייער אַרבעט.

כ'ווינטש אײַך יאָרן און כּוחות.

# נאָך זכרונות וועגן ליאָוואַן

נ. ל. האָרעקער (שיקאַגאָ)

ס'ווילט זיך מיר ניט גלייבן, אַז ליאָוואַ (ל. מ. שטיין) ווערט 70 יאָר אַלט. ער איז נאָך אַזוי יונג אין גײַסט, פֿאַרמאָגט נאָך אַזוי פֿיל ענערגיע און לעבנסלוסט — ער איז נאָך אַזוי פֿול מיט נײַע פּלענער פֿאַר קולטורעלער אַרבעט!

צו דעם וואָס איך האָב געשריבן מיט 15 יאָר צוריק*) וויל איך דאָ צוגעבן אַ פּאָר עפּיזאָדן פֿון ליאָוואַס יוגנט. איך וויל דאָ דערציילן, ווי אַזוי ליאָוואַ, אַ פֿאַרברענטער סאָציאַל־דעמאָקראַט פֿון דער „איסקראַ"־פֿראַקציע, האָט מיך געשטויסן צו ווערן אַ פּועלי־ציוניסט. ס'קלינגט פּאַראַדאָקסאַל? אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען:

ליאָוואַ און איך זײַנען אויסגעוואָקסן אין בעריסלאַוו, אונדזער געבוירן־שטאָט, און מיר זײַנען געווען יוגנטפֿרײַנד פֿון קינדווײַז אָן. ליאָוואַ און איך זײַנען געווען שילער אין דער רוסישער רעגירונג־שול. ווען ליאָוואַ האָט פֿאַרענדיקט די שול, איז ער אַרײַן פֿאַר אַ ווײַל אין אַ מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט. שפּעטער איז ער אַוועק מיט אַ וואַנדערנדיקן „שאָרניק" (רימער). נאָך שפּעטער האָט זײַן פֿאָטער אים אַוועקגעשיקט קיין אַלעקסאַנדראָווסק, צו זײַנעם אַ קרובֿ, צו לערנען זיך בוכבינדערײַ. אַזוי זײַנען אַוועק עטלעכע יאָר.

איך בין דערווײַלע געוואָרן טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. איין מאָל האָב איך אָנגעשריבן אַ רעפֿעראַט און האָב אים געדאַרפֿט פֿאָרלייענען בײַ אַ פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. ווען ס'איז געקומען די צײַט צו לייענען מײַן רעפֿעראַט, איז שוין געווען צו שפּעט און איך בין ניט געקומען צום וואָרט. דאָס האָט מיך פֿאַרדראָסן. איך בין אַוועק און אָרגאַניזירט איבער 100 ייִנגלעך און מיידלעך פֿון מײַן עלטער (איך בין געווען 16 יאָר אַלט) אין אַ ציוניסטישן יוגנט־„קרוזשאָק" (קרײַז). איך האָב דאָרט פֿאָרגעלייענט מײַן רעדע צוזאַמען מיט אַ בײַסנדיקער פֿאָררעדע וועגן די עלטערע, וואָס גיבן ניט קיין מעגלעכקייט די יונגע צו קומען צום וואָרט און שמויסן זיי דערמיט אָפּ. דער נײַ־געשאַפֿענער יוגנטקרײַז איז געווען זייער דערפֿאָלגרײַך: מיר האָבן געגרינדעט העברעיִשע קלאַסן, געהאַט לעקציעס וועגן ייִדישער געשיכטע, אַפֿילו רעפּעטירט „שולמית", אָבער ניט געקענט שפּילן צוליב דעם פֿאַרבאָט פֿון דער רוסישער רעגירונג.

איין מאָל, אין אַ שיינעם זוניקן יום־טובֿדיקן טאָג, בין איך אַרויסגעגאַנגען פֿון דער נײַער שול, וווּ מײַן פֿאָטער פֿלעגט דאַוונען, און בײַ די טרעפּ, וואָס האָבן געפֿירט אַראָפּ צו דעם טײַך דניעפּער, האָב איך זיך באַגעגנט מיט ליאָוואַן.

איך האָב אים ניט געזען אַ שיינע פּאָר יאָר און מיר האָבן געהאַט אַ שיין ביסל צו דערציילן איינער דעם אַנדערן. איך האָב דערהערט פֿון אים רייד, וועלכע האָבן געקלונגען מאָדנע אין מײַנע אויערן: קלאַסנקאַמף, „זאַבאַסטאָווקעס", בורזשואַזיע, פּראָלעטאַריאַט, קליינבירגער. דאָס האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון אַלעקסאַנדראָווסק.

בעריסלאַוו אַליין איז געווען אַ פּאַטריאַרכאַל שטעטל. דער גרעסטער ווערקשטאַט האָט געהאַט אַ האַלבן טוץ אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט פֿון גאַנץ פֿרי ביז שפּעט אין דער נאַכט (ווען ס'איז געווען אַרבעט). איך אַליין בין געווען אַן עקסטערן און „געגעבן שטונדן". כ'האָב אויך געלערנט רוסיש אין חדרים.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז איך האָב געפּרוּווט ליאָוואַן אַרײַנציִונגעמען אין אונדזער ציוניסטישן „קרוזשאָק". ער האָט זיך צעבייזערט: ווי אַזוי קען איך זיך חבֿרן מיט רעאַקציאָנערן און עקספּלואַטאַטאָרן, וועלכע פֿאַרענטפֿערן ניט די קלאַסן־פֿראַגע? ליאָוואַ האָט דעמאָלט געהאַט זײַנע אַן אייגענע בוכבינדערײַ, ווו ער האָט געאַרבעט מיט זײַן ברודער בענטשיק און מפֿרנס געווען זײַן פֿאַמיליע, ווײַל זײַן פֿאָטער איז געהאַט געשטאָרבן.

ליאָוואַס ווערטער האָבן דערוועקט אין מיר נײַע געדאַנקען. איך האָב אָנגעהויבן לייענען די ווערק פֿון קאַוטסקי, בעבעל, מאַרקס און פּלעכאַנאָוו וועגן דער קלאַסן־פֿראַגע. אין יענער צײַט זײַנען יונגע ציוניסטן אויך אין אַנדערע שטעט געווען אונטער דעם זעלבן דרוק. איך האָב פֿון ערגעץ געקראָגן אַ פּראָגראַם פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע „פּועלי־ציון". מיר האָבן שטודירט די פּראָגראַם און באַשלאָסן זי אָנצונעמען. אונדזער גרופּע האָט זיך אָפֿיציעל אויפֿגעלעזט, כּדי פּטור צו ווערן פֿון די, צו וועלכע מיר האָבן נישט געהאַט קיין פֿולן צוטרוי. דערנאָך האָבן מיר זיך צוריק אָרגאַניזירט ווי אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע.

יעצט — האָב איך געזאָגט צו ליאָוואַן — האָסטו ניט קיין מניעה. מיר זײַנען סאָציאַליסטן און האָבן אַן ענטפֿער אויף דײַן קלאַסן־פֿראַגע.

*) זע „ל. מ. שטיין־יובֿל־בוך", אַרויסגעגעבן פֿון שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט, שיקאַגאָ, 1938.

אָבער דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעפֿאַנגען די צרות. מיר האָבן געהאַט שטורמישע פֿאַרזאַמלונגען. ליאָוואַ האָט געלערנט העברעיִש אין דעם קלאַס, וואָס מיר האָבן געהאַט; ליאָוואַ האָט צוזאַמען מיט מיר אָרגאַניזירט די זעלבסטשוץ אין בעריסלאַוו, אָבער גיין ווײַטער האָט ער ניט געקענט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן מיינונגס־פֿאַרשידנקייטן, וואָס צו לערנען פֿריִער אין דער גרופּע — ציוניזם אָדער סאָציאַליזם. דער סוף איז געווען, אַז ליאָוואַ איז געבליבן מיט דער ס״ד־גרופּע, וואָס ער האָט געגרינדעט און וואָס איז באַשטאַנען אויך פֿון אַ צאָל ניט־ייִדן.

* * *

איך האָב געהאַט אַ פּאָר שעה צײַט יעדן טאָג און איך האָב באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן אויף צו לערנען זיך בוכבינדערײַ בײַ ליאָוואַן.

די געצײַג, וואָס ליאָוואַ האָט באַנוצט, זײַנען געווען פּרימיטיווע, אַפֿילו דאָס שנײַדמעסער. ווען ליאָוואַ פֿלעגט אָנפֿאַנגען שנײַדן די ביכער מיט דעם רונדן מעסער, איז איז ער געווען מלא רציחה אויף דעם קליינבירגערטום, וואָס איז ניט אַהער, און ניט אַהין, קען אַפֿילו די ריכטיקע געצײַג ניט האָבן.

ליאָוואַ פֿלעגט ניט פֿאַרבײַלאָזן די ביכער, וועלכע ער האָט געבונדן און האָט גענאַשט פֿון זייער אינהאַלט, וויפֿל די צײַט האָט אים דערלויבט. איין זאַך האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק: ווען איך בין אַרײַן אין דעם צימער, וואָס איז געווען די „מאַסטערסקאַיאַ״ (וואַרשטאַט) האָב איך דערזען צוגענאָגלט אויף דער וואַנט די אַפֿאָריזמען פֿון בענדזשאַמין פֿרענקלין — ווי אַזוי צו זײַן דערפֿאָלגרײַך אין אויסבילדן דעם אייגענעם כאַראַקטער און פֿאַרפֿולקומען זיך.

ליאָוואַ האָט דאָס אויפֿגעהאָנגען אויף דער וואַנט, כּדי דאָס צו האָבן שטענדיק פֿאַר זײַנע אויגן. וואָס נאָך קען אויסבילדן אַ שמאַרקן כאַראַקטער, ווי דער גרויסער ווילן בײַצוקומען שוועריקייטן? דאָס האָט ליאָוואַ געהאַט אין זיך נאָך יונגערהייט און דאָס איז געווען דער לייטמאָטיוו אין זײַן לעבן. דאָס האָט אים דערפֿירט צום דערפֿאָלג ווי אַ פֿאַרלעגער, אַ קולטור־טוער, אַ מענטש. דאָס וואָרט „אוממעגלעך״ איז נישטאָ אין זײַן ווערטערבוך.

איך גיב צו מײַן באַשיידענע שטים צום אַלגעמיינעם ווונטש פֿאַר ליאָוואַס (ל. מ. שטיינס) נאָך פֿיל געזונטע און פּראָדוקטיווע יאָרן.

---

# יונגע אויגן

**א. גלאַנץ־לעיעלעס** (ניו־יאָרק)

מײַנע בעסטע ווונטשן און האַרציקסטע ברכות צו ל. מ. שטיינען, וואָס האָט זיך שוין אויך געפֿעדערט און געוואָרן אַ זיבעציקער.

וועגן די גרויסע מעלות פֿון דעם יובילאַר וועלן מסתּמא שרײַבן אַנדערע. איך וויל זיך דאָ בלויז אָפּשטעלן אויף איין גרונטיקן אײַנדרוק, וואָס ל. מ. שטיין לאָזט איבער אויף מיר יעדעס מאָל, ווען איך טרעף אים.

בײַ איטלעכער באַגעגעניש מיט אים האָב איך געקלערט, אַז ער זעט אויס אַ סך ייִנגער, ווי ער האָט, לויט אַלערליי אַריפֿמעטיקעס, געדאַרפֿט אויסזען.

אַזוי איז עס געווען, ווען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט מיט אים אַ ביסל צו פֿאַרברענגען בײַ מײַן וויזיט אין שיקאַגאָ אָנהייב 1950 אָדער סוף 1949.

זע נאָר, ווי יונג ער זעט אויס!

— האָב איך געטראַכט בײַ זיך.

זענען עס געווען די האָר? ניין, ל. מ. שטיין פֿאַרמאָגט דווקא אַ גאַנץ סאָלידן, באַלעבאַטישן פּליך, אַרומגערינגלט מיט אַ זילבערנעם קראַנץ.

די אַלגעמיינע האַלטונג? טאַקע זייער פֿלינק, קוועקזילבערדיק און עלאַסטיש. אָבער פֿאָרט איז נישט דאָס דעצידירנדיק.

יוגנטלעכקייט שטראָמט אַרויס פֿון די פֿײַנע, טונקעלע, פֿריש־קוקנדיקע אויגן. אַזוינע אויגן זענען פֿונקט אַזוי נ י ש ט צופֿעליק, ווי זיי זענען י אָ זעלטן. מיט אַזוינע אויגן קוקט אַ ספּעציעלער לעבנססטיל און אַ באַזונדערער לעבנס־באַנעם.

אָט די יונגע אויגן קוקן אויף אונדזער ייִדיש אויך אַנדערש, ווי אַ סך אַנדערע — סײַ אַזוינע, וואָס שטייען אײַן בײַ עלטערע פֿון אים, אָדער גלײַכיאָריקע אָדער אַפֿילו ייִנגערע, אַ סך ייִנגערע.

מען דאַרף פֿאַרמאָגן די „שפּיגעלעך״ פֿון אַ גײַסט, וואָס קאָן נאָך גרינגען און בליִען, צו האָבן די באַציִונג, וואָס ל. מ. שטיין ווײַזט אַרויס צו ייִדיש. מען דאַרף אַליין נאָך קאַפּאַבל זײַן צו קוקן פֿאָרויס, צו קאָנען אַרײַנלייגן כּוחות און מיטלען אויף אַרויסצוגעבן ייִדישע ביכער, פֿאַראייביקן ווערק פֿון ייִדישע שרײַבער.

וואָס איז אייביקייט?

דער כּוח פֿון שטענדיקער באַנײַונג, פֿון בלײַבן יונג.

דער בן־שבֿעים ל. מ. שטיין קוקט מיט יונגע בליקן אויף דער וועלט בכלל, אויף דער ייִדיש־וועלט בפֿרט. און אונדזער ייִדיש — אוי ווי ער נייטיקט זיך אין יונגע אויגן, די באַטראַכטערס און אַרײַנבליקערס פֿון יונגער אמונה!

נאָך אַ מאָל —

בעסטע ברכות און האַרציקסטע ווונטשן, טײַערער ל. מ. שטיין.

# אַ בינטל זכרונות

ד"ר יעקבֿ שאַצקי (ניו־יאָרק)

ווען איך דאַרף שרײַבן זכרונות וועגן ל. מ. שטיינען, שטויס איך זיך באַלד אָן אויף אַן אבֿן־נגף. די שוועריקייטן זענען קודם־כּל פּסיכאָלאָגישע און אויך כראָנאָלאָגישע. שטיין איז מיר אַ צו נאָענטער מענטש כּדי איך זאָל אין דעם איצטיקן מאָמענט זיך קענען דערלויבן צו געבן זײַנס אַ פּאָרטרעט. ער איז אויך נאָך צו יונג, כּדי איך זאָל קענען שרײַבן וועגן אים. פֿאַר אַ היסטאָריקער פֿאָדערט זיך אַ דיסטאַנץ פֿון צוואַנציקסטן הונדערט יאָר, כּדי ער זאָל קענען זײַן „אָביעקטיוו". בפֿרט ווען דער אָביעקט גופֿא איז נאָך אַלץ שטאַרק „סוביעקטיוו".

איז אָבער פֿאַראַן אַן אָבער. דער דאָזיקער אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס יעדער מענטש לעבט איבער, אַזוי צו זאָגן, זײַן אייגענע פּרעהיסטאָרישע תּקופֿה און האַלט געוויסע עטאַפּן אין זײַן לעבן היסטאָריש פֿאַרענדיקט.

אין דעם פּרט וועט די דאָזיקע „פּרעהיסטאָרישע" תּקופֿה זײַן די ערשטע יאָרן פֿון אַמעריקאַנער אָפּטייל פֿון ייִוואָ. דאָס זײַנען געווען יאָרן, ווען אַ גרופּע מענטשן, גאָר קליין אין צאָל, דערפֿאַר אָבער ציל־באַוווסטזיניק, האָט אויפֿן רוף פֿון דעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פֿון ייִוואָ אין ווילנע געשאַפֿן אין נאָוועמבער 1925 דעם אַמאָפּטייל.

פּונקט ווי דער העלד פֿון אַ מיטל־עלטערישער לעגענדע, פּאַרסיוואַל, האָט נישט געוווסט, אַז ער פֿאַרמאָגט כּוח און אין דעם האָט טאַקע געשטעקט זײַן גבֿורה — אַזוי האָט די גרופּע מענטשן דעמאָלט נישט תּופֿס געווען איר השפּעה. דאָס איז קלאָר געוואָרן ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען די קאַטאַסטראָפֿע פֿון 1939 האָט אַוועקגעשטעלט פֿאַרן אַמאָפּטייל גרויסע, ברייטע און ניט פֿאָרויסגעזעענע אויפֿגאַבעס.

ערשט דעמאָלט איז קלאָר געוואָרן וואָס עס האָבן אויפֿגעטאָן די פֿאַראייניצלטע און פֿאַראייזאַמטע ייִוואָ־פֿרײַנד אין די פֿאַרשיידענע שטעט פֿון אַמעריקע. בראָש פֿון די דאָזיקע איבערגעגעבענע פֿרײַנד איז תּמיד געווען אונדזער בעל־יובֿל ל. מ. שטיין פֿון שיקאַגאָ.

שטיין איז נישט פֿון די גאָר גרויסע אָפּטימיסטן. ער איז אָבער בטבֿע אַן ענטוזיאַסט. ממילא האָט ער געקענט אַזוי אָנצינדן זײַן פּעסימיזם, אַז עס האָט אין לעצטן סך־הכּל געבראַכט אָפּטימיסטישע רעזולטאַטן.

ביידע האָבן מיר זיך אַרומגעטראָגן מיט מנחם־מענדלשע פּלענער און פּראָיעקטן. מיר האָבן זיך באַמיט צוצוקומען צו „גרויסע מענטשן", צו רײַכע און אײַנפֿלוס־רײַכע ייִדישע יחידים. ביידע זענען מיר נישט געווען קיין צו גרויסע מאמינים, אַז דאָס וועט זיך אונדז אײַנגעבן, אָבער ביידע האָבן מיר געהאַט גענוג פֿײַער און ענטוזיאַזם אויך... נישט צו גלייבן.

די געלט־קאַמפּאַניעס זענען פּרעפּאַרירט געוואָרן אויף גאָר אַ היימישן אופֿן. אונדזערע השׂגות זענען געווען קליינע. ממילא זענען אויך די חשבונות געווען בעל־הבתּישע. מען האָט באַדאַרפֿט האָבן קודם־כּל צײַט. די סחורה האָט מיר אין יענער צײַט גראָד ניט געפֿעלט — געהאַט שוין אַ ביסל צו פֿיל. מײַן „עקאָנאָמישע" פֿונקציע אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט איז געווען די פֿונקציע פֿון אַ „פֿרײַען קינסטלער", מער פֿרײַ ווי קינסטלער.

קיין געלט אויף צו פֿירן אַ קאַמפּאַניע האָט מען כּמעט נישט באַדאַרפֿט. חוץ אפֿשר אויף אַ בילעט קיין שיקאַגאָ און דווקא אָן אַ שלאָפֿפּלאַץ, ווײַל דאָס איז אויסברענגערײַ. וועגן אַ האָטעל איז, פֿאַרשטייט זיך, אויך ניט געווען אַפֿילו כּדאַי צו רעדן. שטיינס דירה איז געוואָרן דער ייִוואָ־האָטעל.

דער שליח פֿלעגט האַלטן דרײַ, און אַ מאָל אַפֿילו מער לעקציעס אַ וואָך און די הכנסה פֿון די לעקציעס איז געגאַנגען אין גאַנצן פֿאַר דעם פֿאָנד פֿון דער קאַמפּאַניע. אָפֿט מאָל האָט אַזאַ הכנסה אויסגעמאַכט גאָר אַ חשובֿע פּאָזיציע אין דעם לעצטן סך־הכּל.

מען האָט געקענט אָפֿט מאָל פּטרן אַ גאַנצן טאָג ביז מען האָט וועבירט אַ נײַעם מיטגליד מיט פֿינף דאָלאַר אַ יאָר. מען האָט מיט אַ ברייטער האַנט פֿאַרטיילט די גרויסע ייִוואָ־אויסגאַבעס, וואָס פֿלעגן אָנקומען פֿון ווילנע. מען האָט זיך געצאַצקעט מיט יעדער נאָטיץ אין אַ צײַטונג, זיך געגרייסט מיט יעדן נײַעם מיטגליד, שטאָלצירט מיט יעדער אונטערנעמונג.

שטיינס דירה איז געווען דער גענעראַל־שטאַב, זײַן געשעפֿט — די „ביזנעס"־צענטראַלע און ער גופֿא — דער „הויפּט־סטראַטעגיקער".

אַזוי האָבן מיר געפֿירט אין משך פֿון יאָרן — יאָר־אײַן, יאָר־אויס — די קאַמפּאַניע אין שיקאַגאָ, וואָס איז נישט פֿאַרשטיינערט געוואָרן טאַקע אין זכות פֿון ל. מ. שטיינען.

אַ מאָל, ווען מען וועט באַשרײַבן (אָרעמע געשיכטע, וואָס מען לייגט אַלץ אַרויף אויף דיר!) די שטיינעפּאָכע אין דער געשיכטע פֿון ייִוואָ, וועט זײַן וואָס צו דערציילן און עס וועט אַפֿילו זײַן כּדאַי צו ווערן אַ ביסל סענטימענטאַל און ליריש. עס איז געווען אַ קליינער פֿראָנט, אָבער אַ פֿעסטער און אַ וואָגיקער. מער ווי סתּם אַן אַדרעס, ווייניקער אָבער ווי אַן אָפּטייל פֿון ייִוואָ. אויף דעם האָבן שוין קיין כּוחות נישט געסטײַעט.

פֿון אַ פּערספּעקטיוו זעט עס איצט אויס אַ סך שענער, ווי דאָס איז געווען, אָבער עס איז געווען וואַרעמער, היימישער. מיר האָבן געטרונקען קאַלט וואַסער פֿון טאָג־טעגלעכע קליינע ברונעמס און אונדז האָט זיך געדוכט, אַז מיר „שאַמפּאַניעווען".

אָן שטיינען וואָלט נישט געווען אָט די וואַרעמקייט און אינטענסיווע היימישקייט. נאָר ער האָט געקענט פֿאַרוואַנדלען שטיינערנע הערצער אין וואַרעמע ייִוואָ־פֿרײַנד, קאַלטע מתנגדים — אין לעבלעכע חסידים, אָבער פֿאָרט חסידים!

אַז איך טראַכט איצט וועגן יענע יאָרן (1926 ־ 1932) ווערט מיר אַ ביסל וואַרעמער אויפֿן האַרצן. מיר האָבן פֿאָרט עפּעס אויפֿגעטאָן. אפֿשר נישט אַזוי פֿיל וויפֿל שטיין האָט געוואָלט, אָבער זיכער מער ווי מען האָט בכלל געקענט אויפֿטאָן, ווען דער איינציקער גרויסער פֿרײַנד פֿון ייִוואָ אין שיקאַגאָ איז געווען ער, שטיין, און דער איינציקער פֿרײַער און פֿרײַוויליקער שליח איז געווען דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע נאָסטאַלגישע שורות.

אין ווינטער האָט שיקאַגאָ אַפֿילו געהאַט אַן אייגענעם „אָפֿיס“ פֿון ייִוואָ, מיט אַ באַצאָלטן געהילף. אַרײַנגיין אַהין איז געווען ממש אַ חיות. עס איז געווען אַ ווערדיקע רעפּרעזענטאַנץ פֿון ייִוואָ, אַ ביוראָ וואָס ניו־יאָרק, די צענטראַלע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט נישט געהאַט. דאָס איז געווען שטיינס אויפֿטו און אויף יעדער זאַך איז געלעגן דער חותם פֿון זײַן עסטעטישער פּערזענלעכקייט. אַוודאי איז דאָס געווען פֿריצײַטיק, ממש אַ דאָנקיכאָטישער אויפֿטו, אָבער עס האָט געהאַט חן און פֿאַנטאַזיע, שווונג און חשיבֿות. עס איז געווען אַ רעאַלער סימבאָל פֿון אַ חלום, איידער דער חלום איז בכלל מקוים געוואָרן.

מענטשן איז דאָס שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. עס איז געווען אַ פֿאַרגעניגן דאָרטן צו זיצן. אין דער אַרבעט האָט עס אָבער ווייניק געהאָלפֿן. די ייִוואָ־אידעע האָט קיין ברייטערע קרײַזן נישט געקענט אָנצינדן. איז מען צוריקגעטראָטן אויף „פֿאָרויס צוגעגרייטע פּאָזיציעס“ און מען איז ווײַטער אָנגעגאַנגען מיטן „קוסטאַרנעם“ מעטאָד פֿון היימישע קאַמפּאַניעס אין דער תּמיד קליינער אָבער וואַרעמער פּעריפֿעריע פֿון פֿרײַנד און שטיצערס.

די לעגענדע פֿון יענעם ייִוואָ־„האָניק ־ ווינטער“ איז געבליבן. דער עפּיזאָד פֿון דעם נישט־געלונגענעם נסיון אויפֿצושטעלן אַן אייגנ׳ע, רעפּרעזענטאַטיווע סימבאָלישע היים פֿון ייִוואָ אין שיקאַגאָ האָט דאָך עפּעס אויפֿגעטאָן.

דאָס דערצייל איך איצט. קיין צו פֿיל פּרטים צום פֿאַרטרעט פֿון שטיינען קען איך נישט געבן, בלויז די פּאָר אימפּרעסיאָניסטישע ליניעס און שטריכן. דער היסטאָריקער אין מיר הייסט מיך וואַרטן ביז דעם מינימום־תּנאַי, ד״ה, ווען שטיין וועט ווערן „היסטאָריש“ רײַף — ווען ער וועט דערגרייכן די מאה פֿון זײַן שיינעם און געבענטשטן לעבן.

## אַ האַרציקע ברכה

**לואיס סיגאַל** (ניו־יאָרק)

**עס איז פֿאַר מיר אַ גרויסער פֿאַרגעניגן און אַ כּבֿוד צו באַגריסן אונדזער חבֿר און פֿרײַנד ל. מ. שטיין לכּבֿוד זײַן 70יאָריקן יובֿל.**

**איך שאַץ זייער הויך אָפּ חבֿר שטיינס גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור און פֿאַר אַלץ וואָס איז פֿאַרבונדן מיט ייִדישע קולטור־שאַפֿונגען.**

**איך ווינטש חבֿר שטיינען, אַז ער זאָל נאָך פֿיל יאָרן קענען פֿאָרזעצן זײַנע וויכטיקע קולטור־אַקטיוויטעטן צו העלפֿן באַרײַכערן אונדזער נאַציאָנאַלן פֿאָלקסלעבן.**

## דער מענטש פֿון טאַט

**שמעון דײַטש** (שיקאַגאָ)

די פֿון אונדז אין שיקאַגאָ, וואָס האָבן די געלעגנהייט צו שטיין נאָענט צו ל. מ. שטיינען, באַוווּנדערן זײַן גרויסע ענערגיע און זײַן אימפּעט.

דעם בעל־היובֿלס ברייטהאַרציקייט לטובֿת ייִדישע קולטורצוועקן איז גוט באַקאַנט. אָבער באַזונדער באַוווּנדערן מיר אַלע דעם אופֿן ווי אַזוי ער טוט די אַרבעט, די איניציאַטיוו זײַנע, זײַן עקשנות.

ל. מ. שטיין איז אַ מענטש מיט אַ זייער שטאַרקן געפֿיל פֿון אַחריות. ער זוכט אין יעדער זאַך די גרעסטע מאָס שלימות. ער אַליין פּראַקטיצירט די דאָזיקע גרויסע מידה טאָג־אײַן טאָג־אויס אין זײַן אינטענסיווער קולטור־טעטיקייט.

אונדז, לייענערס פֿונעם ייִדישן בוך, קומט אויס גאַנץ אָפֿט צו הערן וועגן שווערן גורל פֿון ייִדישן שרײַבער, וועגן דער שווערער מערכה פֿון ייִדישן בוך. מיר הערן זעלטן וועגן די גאָר געציילטע יחידים וואָס נעמען אויף זיך די אַלע שווערע אַרבעטן פֿון אַרויסגעבן אָדער העלפֿן אַרויסגעבן אַ ייִדיש בוך. ל. מ. שטיין איז היינט צו טאָג בלי שום ספֿק דער סאַמע וויכטיקסטער אויף דעם געביט.

זײַן מוסטערהאַפֿטע אַרבעט לטובֿת דעם ייִוואָ איז אַ שם־דבֿר. ווי אָפֿט מיר באַוווּנדערן דעם אופֿן ווי ער זאַמלט, ווי ער היט אָפּ יעדן דאָקומענט, יעדעס געדרוקטע ייִדישע בלעטל וואָס האָט נאָר אַ ווערלכן עס איז ווערט פֿאַרן ייִוואָ, ווי ער גלעט אויס די פֿאַרבויגענע ווינקלען, פֿאַרקלעפּט די צעריסענע ברעגן, בינדט עס צונויף זייער סיסטעמאַטיש און שיקט עס אָפּ צום ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק.

# הלוואַי האָבן מיר אַ פּאָר מנינים אַזעלכע ווי ער

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך (ניו־יאָרק)

צווייי ברכות האָב איך פּאַר מײַן טײַערן גוטן־פֿרײַנד ל. מ. שטיין צו זײַנע זיבעציק:

ער זאָל אונדז זײַן געזונט און שטאַרק ביז הונדערט און צוואַנציק, און ער זאָל אונדז שײַנען מיט די זעלביקע מעלות וואָס ביז אַהער.

אַנדערע קענען אים לענגער פֿון מיר און באַגעגענען זיך אָפֿטער; אָבער מיר מיט שטיינען קענען שוין אויך באַלד פּראַווען אַ יובילײ פֿון אַ פֿערטל יאָרהונדערט פֿער־זענלעכע באַקאַנטשאַפֿט און איך בין זיכער, אַז ווען איך קום איצט אַרויס פֿאַר אים ווי אַ כאַראַקטער־עדות וועט מײַן עדות־זאָגן זײַן באַגלייבט.

איך האָב אַ סך געוואָגלט אין מײַן לעבן, אַ סך מער ווי מיר וואָלט ליב געווען, און איך האָב זיך געטראָפֿן מיט אַ סך שיינע און ווערטיקע מענטשן. אָבער זעלטן אַ געשטאַלט וואַקסט אויס פֿאַר מיר אַזוי זויבער־איידל, זעלטן פֿון עמעצן ווייט אויף מיר מיט אַזאַ וואַרעמקייט.

ער איז אַ מענטש וואָס ווייסט וואָס ער וויל. ער האָט זיך אָנגעצייכנט זײַן וועג מיט יאָרן צוריק און ער וואָלט אַוודאי געוואָלט האָבן דעם עולם אויף זײַן צד, אָבער ער האָט ניט מורא צו זײַן אין אַ מינאָריטעט, אַבי ער פֿילט, אַז זײַן וועג איז דער רעכטער.

ער פֿאַרשטייט זיך אויף זאַכן און אויף מענטשן. ער זעט קלאָר, ווּ עס ענדיקט זיך דער תּוך און ווּ עס הייבט זיך אָן דער בלאָף, אָבער ער כאַפּט זיך ניט דווקא דע־מאַסקירן; וואָרעם אויך הינטער דעם פֿאַסאַד פֿון אַ בלאָף, ווייסט ער, קען זיך באַהאַלטן רעכטס. אויב אַ זאַך געפֿעלט אים, טוט ער זיך אַרײַן אין איר מיט לײַב און לעבן, אָבער בײַ זײַן גאַנצער פֿאַרליבטקייט איז ער אַ מבֿין ניט נאָר אויף יענעם, נאָר אויך אויף זיך און ער לאָזט איבער פֿאַר ספּעציאַליסטן צו שאַצן אין די ענינים פֿון זייער ספּעציאַליטעט.

ער איז אַ מענטש מיט טאַקט. זײַן לאָגיק איז שטאַרק, אָבער זײַן הויפּט־אינסטרומענט איז פּסיכאָלאָגיע. דערי־בער האָט ער געוויס נאָך קיין מאָל ניט אָנגערירט יע־נעמס כּבֿוד. דעריבער האָט ער זיך נאָך קיין מאָל ניט געריסן צום עמוד.

אַ, ווען מיר האָבן אַ פּאָר מנינים שטיינס אין אַמערי־קאַנער ייִדישן לעבן — ווי אַנדערש וואָלטן מיר אויסגע־זען.

# סאַלוט, ל. מ. שטיין!

שלמה שוואַרץ (שיקאַגאָ)

פֿאַר מיר צו באַשרײַבן ל. מ. שטיינען איז ווי צו שרײַבן וועגן זיך אַליין. ווער וויל עס שרײַבן וועגן זיך אַליין? ווײַל אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט קולטור, האָט צו טאָן מיט ל. מ. שטיינען. אויף יעדער ייִדישער קולטור־חתונה איז ער דער שטענדיקער „חתן״.

איך האָב געהאַט און האָב נאָך איצט די זכיה מיטצואַרבעטן מיט דעם זיבעציקיאָ־ריקן ל. מ. שטיין לטובֿת הכּלל. און איצט, ווי אַלע מאָל, ווער איך נאָך אָנגעצונדן מיט דעם הלוויה־געפֿיל בעת מיר קומען זיך צוזאַמען צו באַשליסן געוויסע פּראָיעקטן און אונטערנעמונגען. איצט, ווי פֿריִער, באַ־ווירקט ער מיך מיט זײַן צוגאַנג, מיט זײַן עסטעטישקייט און ציכטיקער שטילקייט, וואָס ווייט אַרום אים.

אויב דערײַנערונגען, וואָלטן מיר גע־דאַרפֿט — מיר אַלע מײן איך — אָנשרײַבן מער ווי איין בוך. ווײַל אומעטום, ווּ ל. מ. שטיינס חתימה שאַפֿט, ווירקט, מאָנט, רופֿט (און מיט ווערדע) דעם ווײַטסטן און דעם נאָענטסטן צו קולטורבויונג — האָט זיך אָנגעזאַמלט אָן אַ שיעור זאַכן צום דערציילן.

זאָל איך דערמאָנען פֿון מײַנע ייִנגסטע יאָרן זײַן נאָענטשאַפֿט צו מיר, זײַן כּמעט פֿאָטערלעכקייט צו מײַן אַרײַנקומען אין דער ייִדישער גאַס?

עס איז באַקאַנט, אַז ל. מ. שטיין איז גע־ווען מײַן ערשטער ייִדישער פֿאַרלעגער. ווער קען עס פֿאַרגעסן? מײַן בלוימאַנטיק, אַמע־ריקע — מײַנע ערשטע צוויי ייִדישע לידער־ביכער — טראָגן זײַן חתימה.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען די ייִדישע קונסטהיים, די מיד־ווועסט־מערבֿ־אַנטאָלאָ־גיע, בריקן, זאַמלביכער און ווײַטער. בײַ יעדער פֿון די דאָזיקע אויסגאַבעס איז ל. מ. שטיין געווען מײַן עצה־געבער, מײַן חבֿר, דער אייביק יונגער בויער און מיטהעלפֿער.

אין די זאַמדיקע בערג פֿון „אינדיאַנאַ דונס״ — ווער קען איבערחזרן די גע־שפּרעכן, די אַרגומענטאַציעס און דיסקוסיעס מיט ל. מ. שטיינען? געשפּרעכן וועגן לי־טעראַטור, מוזיק, קונסט. אָט דאָ, אין זײַן זומערהויז, האָב איך אים דערקענט און איך האָב זיך דערנעענטערט צו דער גרויסער פּערזענלעכקייט ל. מ. שטיין.

# ל. מ. שטיין איז אַנדערש

### לייבוש לעהרער

(ניו־יאָרק)

ל. מ. שטיין האָט ניט פּראָקלאַמירט זײַן עקסיסטענץ דורך אַ מעדיום וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר עפנטלעכע פּערזענלעכקייטן. ניט דורך אַזעלכע מיטלען האָט ער באַוויזן, אַז זײַן לעבן פאַרמאָגט אַ געבענטשטע אַנדערשקייט, וואָס עס איז שווער צו געפינען זײַן גלײַכן. ער האָט דאָס דערגרייכט דורך מערקווערדיקע מעשׂים און דורך שאַרף אויסגעדריקטע קוואַליטעטן און קוואַליפיקאַציעס.

דער גאַסט, וואָס געניסט פון זײַן היימפרײַנדשאַפט, לעבט איבער אַ וואַרעמקייט, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן. די קולטור־אַרבעט, וואָס געווינט זײַן צוטרוי, באַקומט אַ מיטאַרבעטער, וואָס באַגײַסטערט מיט זײַן געטרײַשאַפט, מיט זײַן רירנדיקער איבערגעגעבנקייט.

זײַן פאַרלעגערישע אַרבעט פאַרדינט אַן אָפּשאַצונג, וואָס בלויז אַן ערנצטער אַנאַליז קען געבן. פאַרלעגערײַ, וואָס האָט דערגרייכט די מדרגה פון אַן אידעאַל און וואָס ווערט אין גאַנצן אויסגעטראָגן אויפן אייגענעם פּערזענלעכן חשבון, איז בכלל עפּעס אַזוינס, וואָס איז איין און איינציק אין אונדזער סבֿיבֿה.

עס איז גענוג צו באַטראַכטן דעם אינהאַלט פון זײַנע אויסגאַבעס, כּדי צו דערזען דעם רעאַליזירטן חלום פון אַ שיינגײַסט, די פּערזענלעכקייט, וואָס האָט פאַר זיך אויסגעבויט אַ וועלט לשמה. אָבער פון דער דאָזיקער מעטיקייט זײַנער לײַכט ניט ווייניקער אַרויס דער פאַרליבטער עסטעט, דער מענטש, וואָס שיינקייט איז דער אָטעם פון זײַן נשמה. וואָרעם ניט בלויז ביכער נאָר אַפילו די מינדסטע דרוקזאַך איבער וועלכער ער האָט די השגחה, צייכנט זיך אויס מיט דורכגעטראַכטער עסטעטישער פּלאַנירונג, מיט טיפן אָפּשײַ פאַר דער וויכטיקייט פון פאָרעם.

שיקאַגאָ איז אַ גרויסע ייִדישע קהילה; נאָך גרעסער איז דער אַמעריקאַנער ייִדישער יישובֿ, אָבער זיי זענען ניט גרויס גענוג צו פאַרשטעלן די אייגנאַרטיקייט, די אַרויסשטאַרצנדיקע אַנדערשקייט פון ל. מ. שטיין.

דער גאָט וואָס האָט אים געהיט פאַר אונדז די ערשטע זיבעציק יאָר פון זײַן לעבן, וועט אים זיכער ניט אויפהערן צו היטן, ער זאָל אויך ווײַטער האָבן כּוח און געזונט צו באַרײַכערן אונדזער וועלט מיט זײַן אייגנאַרטיקן אויפטו, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

---

# אַ באַגריסונג

## פון אַ ניט־פּראָפעסיאָנעלן באַגריסער

### ד״ר אַ. מוקדוני (מײַאַמי)

איך באַגריס ל. מ. שטיין צו זײַן 70־יאָריקן יובילײַ, ווײַל ער איז אַן אויסנאַם צווישן אונדזערע ייִדישע קולטור־טוערס.

ראשית איז ער אַ מענטש מיט געשמאַק — וואָס ער טוט האָט אַ טעם. ער איז עפּעס מוסיף, עס איז דאָ כּסדר עפּעס אַ פײַנער נופך משלו אין אַלץ, וואָס ער טוט.

אונדזער קולטור־טוערײַ האָט זיך אַוועקגעשטעלט און רירט זיך ניט פון אָרט. זי טאָפּטשעט זיך אויף איין אָרט.

ער איז אַ פאַרלעגער, ניט קיין ספּעציעל ייִדישער פאַרלעגער, אָבער די עטלעכע ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, זײַנען ראשית מיט געגעשמאַק אַרויסגעגעבן, און צווייטנס וועלן זיי בלײַבן אין אונדזער ליטעראַטור מיט באַזונדערע פאַרדינסטן.

איך האָב געהאַט אַ שטיקל שײַכות צום דעם משׂא־ומתן צווישן ל. מ. שטיין און דעם שוישפּילער און טעאַטראַל בן־אַרי.

בן־אַריס בוך הבימה איז ממש דאָס איינציקע מעמואַרן־בוך, וואָס האָט אַ ווערט אין אונדזער ייִדישער מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן טעאַטער.

אונדזערע קולטור־טוערס האָבן קיין גאָר פיל גוטס אונדזער ייִדישער ליטעראַטור ניט געטאָן; זיי האָבן די קולטור־טוערײַ דערנידעריקט צו צדקה.

צדקה וויל בטבֿע ניט בויען, ניט שאַפן און ניט אינספּירירן.

איר אויפגאַבע איז לינדערן אויף אַ ווײַל די יסורים פון אָרעמקייט.

ל. מ. שטיין וויל כּסדר עפּעס אויפבויען, ער וויל אינספּירירן און ער ווערט ממילא אַ מיטשאַפער.

ער איז אַ מענטש מיט טאַקט און מיט געשמאַק און ממילא איז ער ניט קיין פּובליסיטי־יעגער און ניט קיין זוכער פון פּובליסיטי־מציאות — דאָס איז שוין געשמאַקלאָז אַפילו אין אַמעריקע.

זײַן בעסטער און גרעסטער אויפטו איז די „ל. מ. שטיין־פאָלקס־ביבליאָטעק בײַם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס״.

אַזאַ ביבליאָטעק איז ממש דער געבאָט פון דער שעה.

זאָל אים דער רבונו של עולם שענקען געזונטע יאָרן און ווײַטערע פרוכטבאַרע טעטיקייט.

עס איז נאָך דאָ אַ סך צו טאָן בײַ אונדז.

אָט, למשל, ווערן בײַ אונדז די ייִנגערע שרײַבערס כּמעט אין גאַנצן פאַרזען.

און אַ לעבעדיקע ליטעראַטור האַלט זיך אויף יונגע שרײַבערס, אויף שטורעמערס און ברעכערס פון ליטעראַרישע טראַדיציעס.

אַ ליטעראַטור אָן יונגע שאַפערס איז אַ וויסטע אַלמנה.

און גראָד אין אַזאַ שווערער צײַט פאַר דער ייִדישער קולטור זײַנען נייטיק אַזעלכע ווי ל. מ. שטיין.

איז, זאָל ער לאַנג לעבן און לאַנג זײַן טעטיק, דער „דזשענטלמען״ צווישן אונדזערע קולטור־טוערס!

# ל. מ. שטיין — דער שטילער בויער

פּראָפֿ' סאָל ליפּצין (ניו־יאָרק)

אַ מאָל, אַ מאָל האָב איך געהאַט אַ באַגעגעניש מיט ל. מ. שטיינען. נאָר איין איינציקן מאָל. עס איז געווען אַ קורצע באַגעגעניש. עס זײַנען זינט דעמאָלט שוין אַריבער יאָרן, אָבער די דאָזיקע באַגעגעניש געדענקט זיך ביז הײַנט.

פֿון צײַט צו צײַט דערגייען צו מיר אַ פּאָר שורות פֿון ל. מ. שטיינען. די פֿײַנע, דריבניטשקע אותיותלעך פֿון ל. מ. שטיינען דערמאָנען וועגן דער האַנטשריפֿט פֿון די משׂכּילים אין יענער געמיטלעכער מענדעלע־עפּאָכע, וועלכע איז שוין לאַנג, לאַנג אַריבער. ל. מ. שטיינס האַנטשריפֿט, ל. מ. שטיינס טאָן זײַנען דער שליסל צו זײַן פּערזענלעכקייט: געלאַסן, ניט געאײַלט, גלענצנדיק קאָנטראָלירט דורך עפּעס אַ צענטראַלער קראַפֿט, וואָס קאָאָרדינירט די טעטיקייט פֿון קערפּער, מוח און האַרץ.

ל. מ. שטיין איז קיין מאָל ניט היפּער־אָפּטימיסטיש. פֿון דער צווייטער זײַט פֿאַלט ער קיין מאָל ניט אַרײַן אין קיין פֿאַרצווייפֿלונג.

ל. מ. שטיין ווייסט, אַז די וועלט פֿון נעכטן — די וועלט פֿון זײַן קינדהייט, וואָס רופֿט אַרויס אין אים אַזאַ וואַרעמע נאָסטאַלגיע — קען ניט, נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפֿע פֿון אונדזער צײַט, ווערן צוריק אויפֿגעלעבט אָדער אויף ס'נײַ אָנגעהויבן ווערן אין אירע פֿריִערדיקע פֿאָרמען.

אָבער ל. מ. שטיין גלייבט, אַז פֿראַגמענטן פֿון דער וועלט פֿון נעכטן קענען אײַנגעמויערט ווערן אין דעם קולטור־בנין פֿון אונדזער איצטיקער צײַט.

שטילערהייט, אָן מומל, האָט ל. מ. שטיין אויפֿגעקליבן פֿראַגמענטן פֿון דער אַמאָליקער שיינקייט און פֿון די אַמאָליקע אמתן, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אין די חורבֿות פֿון דעם נעכטן. ער האָט זיי אַרײַנגעפּאַסט אין אַרטיסטישע ראַמען און ער האָט מיט זיי באַצירט אונדזערע היימען, אונדזערע אינסטיטוציעס, אונדזערע ביכער־שאַפֿעס.

דורך די ספֿרים, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרויסגעגעבן און איבערגעדרוקט, ריידן צו אונדז די טאַטעס אונדזערע. די קונסט־אויסגאַבעס, וואָס זײַנען אַ דאַנק אים אַרויס, גיבן אונדז אַ קינסטלערישע אויסשטײַטשונג פֿון אונדזער קעגנוואַרט. אונדזער מאָרגן לאָקט אונדז דורך די וויזיעס פֿון די פּאָ־

(סוף אויף זײַט 57)

## נישט גובֿר געווען

ד"ר שלמה ביקל (ניו־יאָרק)

איך באַגריס פֿון האַרצן ל. מ. שטיינען צו זײַן ווערן אַ בן־שבֿעים.

נישט נאָר שאַץ איך ל. מ. שטיינס וויכטיקע קולטור־פֿאַרדינסטן אין דער ייִדישער אַמעריקע — זײַן פֿאַרלעגערישע הילף, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל וויכטיקע ייִדישע ביכער זאָלן דערשײַנען — נאָר מיר איז באַזונדער ליב און טײַער ל. מ. שטיינס פּערזענלעכקייט ווי איך האָב זי דערקענט אין די עטלעכע באַגעגענישן מײַנע מיט אים.

עס ווייט פֿון שטיינען מיט העפֿלעכער דיסטאַנץ און אין דער זעלבער צײַט מיט האַרציקער און וואַרעמער נוחלבריותדיקייט, מיט קילן רעאַליזם און פֿאַרחלומטער ראָמאַנטישקייט.

אַמעריקע האָט נישט גובֿר געווען ל. מ. שטיינס חלומות. שטיינס אַלטע מענטשלעכע און ייִדישע גאולה־בענקשאַפֿטן שײַנען אַרויס און באַשײַנען זײַן אַמעריקאַנישן אידעאַליזם.

כּה לחי!

## אַ למד־וואָווניק

ל. שפּיזמאַן (ניו־יאָרק)

מײַנע האַרציקסטע ברכות פֿאַר פֿרײַנד ל. מ. שטיין צו זײַן 70יאָריקן יובֿל.

ל. מ. שטיין איז איינער פֿון יענע צדיקים און למד־וואָווניקעס אין אונדזער קולטורגאַס, אַז ווען מען קומט מיט זיי אין באַרירונג ווערט עפּעס ליכטיקער אין אונדזערע פֿאַרכמורעטע געצעלטן, און עס דוכט זיך, אַז דער הימל איז נאָך ניט געפֿאַלן אויף דער ערד און מען קען נאָך פֿיל־פֿיל אויפֿטאָן אין אונדזער ייִדיש אַמעריקע.

ל. מ. שטיינס נײַסטער אויפֿטו איז די „ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק בײַם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס". מיט וויפֿל ליבע און צערטלעכקייט ער היט אָפּ זײַן בן־זקונימל — די פֿאָלקס־ביבליאָטעק!

ל. מ. שטיין קניפּט אָן אין די טראַדיציעס פֿון די אַמאָליקע „נאַראָדניקעס", אָבער אין זײַן טאָרבע ליגט ניט די סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע, נאָר דאָס ייִדישע בוך. ער זעט אינעם בעסערן ייִדישן בוך אַ שטאַפּל צו אַ מער דערהויבענער ייִדישקייט, אַ פֿענצטערל צו אַ שענערער וועלט.

# דער פּראָפֿעסיאָנעלער כּלל־טוער, וואָס איז נישט קיין פּראָפֿעסיאָנאַל

## מאַרק יוווילער (ניו־יאָרק)

אַ געפֿאַר האָט געדראָט — אַזוי האָבן געטראַכט אַ היפּשע צאָל מענטשן — אַז אין אַמעריקע זאָל פֿאַרשווינדן דער טיפּ פֿון אַמאָליקן כּלל־טוער און זײַן אָרט זאָל פֿאַרנעמען דער פּראָפֿעסיאָנעלער געזעלשאַפֿטלעכער טוער.

צום גליק איז דאָס אַזוי נישט געשען. דווקא אין די לעצטע יאָרן פֿאַרנעמט דער פֿרײַוויליקער כּלל־טוער אַלץ אַ גרעסערע פּאָזיציע אי אין פּרט פֿון דעה, אי אין פּראַקטישע אויפֿטוען. דער פּראָפֿעסיאָנאַל ווערט אַלץ מער דאָס, וואָס ער דאַרף זײַן — דער קאָאָרדינאַטאָר פֿון דער אַרבעט וואָס ווערט פּלאַנירט און געטאָן, טאַקע מיט זײַן הילף, דורך די פֿרײַוויליקע טוערס. אונדזער קהלש לעבן ווערט אַ דאַנק דעם רײַכער און פֿולער און מײַדט אויס די סטאַנדאַרדיזאַציע, וואָס גיט פּראַקטישע רעזולטאַטן אויף אַ ווײַלע, אָבער דערהרגעט גאָר גיך דעם דינאַמישן און פּראָדוקטיוון דראַנג צו בויען דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן דורך אַלעמען לטובֿת אַלעמען.

מיר האָבן אַזוי אַרום אין אונדזער קהילה־מאַשינעריע צוויי גרופּעס טוערס — די „לעימען“ און די פּראָפֿעסיאָנאַלן. בײַ דעם פֿרײַוויליקן טוער, דעם „לעימאַן“, איז די געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט אַ צוגאָב צו זײַן אַרבעטסטאָג, בעת בײַ דעם פּראָפֿעסיאָנאַל איז אָט די טעטיקייט זײַן אַרבעטסטאָג.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ דריטער מין — דער כּלל־טוער בײַ וועמען זײַן געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט איז אַזוי ווײַט אַן אינטעגראַלער טייל פֿון זײַן לעבן, אַז עס הערט אויף צו זײַן בלויז אַ קליינער צוגאָב צו אַ גרויסן עפּעס. אַ טוער פֿון דער גרופּע הערט אויף צו זײַן אַ „פֿרײַוויליקער“, ווײַל ער גיט אָפּ פֿאַר קהל מער ווי זײַן פֿרײַע צײַט. ער איז אויך נישט קיין פּראָפֿעסיאָנאַל, ווײַל הגם ער אַרבעט געזעלשאַפֿטלעך כּסדר און גאַנצע טעג, ציט ער אָבער נישט זײַן חיונה פֿון כּלל־טוערישער אַרבעט.

צו דעם קרײַז פֿון אָט די געהערט אונדזער בעל־יובֿל ל. מ. שטיין. וואָלט מען דעם דאָזיקן גאַנצן קרײַז, וואָס איז אַגבֿ זייער אַ קליינער, אויסגעשטעלט אין רייען, וואָלט ער, ל. מ. שטיין, געווען באַלד אין דער ערשטער שורה.

ל. מ. שטיין אַרבעט שווער אין זײַן געשעפֿט. יעדער איינער וואָלט מן־הסתּם געמאַכט דעם אויספֿיר, אַז היות ווי „אַ לעבן מוז מען דאָך מאַכן“, קאָן מען פֿאַר קהל ווייניק טאָן.

נישט אַזוי האָט ל. מ. שטיין פֿאַרענטפֿערט די פּראָבלעם. ער האָט ממש אינטעגרירט זײַן געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט אין זײַן אַרבעטפּלאַן פֿון יעדן טאָג אין יאָר. אין זײַן געשעפֿט איז דער שיקאַגער אָפֿיס פֿון ייִוואָ, און כּדי דער אָפֿיס זאָל קאָנען פֿונקציאָנירן ווי עס באַדאַרף צו זײַן, האָט שטיין אײַנגעקויפֿט אַ ייִדישע שרײַבמאַשין און אײַנגעשאַפֿן דעם גאַנצן קלאַפּער־געצײַג, וואָס אַזאַ אָפֿיס דאַרף האָבן. דאָס אַלץ האָט שטיין געטאָן אויף זײַן חשבון און נישט אויפֿן חשבון פֿון ייִוואָ. יעדער ייִוואָ־שליח האָט אַ קלאָרע אָנווײַזונג פֿון שטיינען, אַז זײַן, שטיינס, געשעפֿט־טעלעפֿאָן איז אין רשות פֿון שליח און דער פּערסאָנאַל פֿון געשעפֿט אויך. אין דעם אָפֿיס אַרבעט ל. מ. שטיין און דערלײדיקט לויפֿיקע ייִוואָ־ענינים אָפֿט פֿריִער ווי זײַנע געשעפֿטלעכע עסקים.

מיט עטלעכע יאָר צוריק

(סוף אויף זײַט 50)

### געבענטשט זאָל זײַן דער שטיינהאַקער

**יצחק ריבקינד** (ניו־יאָרק)

דער פֿאַרלאַג־צייכן פֿון ל. מ. שטיין איז: אַ פֿעלדז, אַ שטיין. שמאָ גרים.

איינע פֿון די געבאָטן פֿון דער אַלטער ציוויליזאַציע איז געווען: שרײַבט אויף שטיין, האַקט אויס, קריצט אויס אויף שטיין! „וכתבת על האבנים את כל דברי התורה“.

גאָטס וואָרט האָט מען געשריבן אויף שטיין, דערנאָך איז פֿון דעם געוואָרן „אותיות פורחות“, אָנגעהויבן פֿליִען און בליִען אין דעם באַוווּסטזײַן פֿון מענטש און מענטשהייט. אַ ייִד ווי ל. מ. שטיין, וואָס איז זײַן גאַנצע יוגנט געגאַנגען לינקס — געווען לינק אָבער נישט אויסגעלינקט — האָט זיך פֿאַרליבט אין אונדזערע ליבע, טײַערע און שיינע „אותיות מרובעות“ — ייִדישע אותיות געשריבן פֿון לינקס צו רעכטס — און האָט באַרײַכערט אונדזער „פֿאָלקס־ביבליאָטעק“ מיט גײַסטיקע ווערטן, מיט ביכער און ספֿרים אין וואָרט און קונסט.

זאָל שטיינען דעם בן־שבֿעים באַשערט זײַן נאָך אַ סך יאָרן פֿון שעפֿערישע מעשׂים־טובֿים לטובֿת דעם ייִדישן אַלף־בית!

# ל. מ. שטיין האט זיך קיינמאל נישט געביטן

פנחס שווארץ (ניו־יארק)

וועגן ל. מ. שטיינען מאכן פיל מענטשן א גרויסן טעות, ווען זיי „באוואונדערן" אים, אז א מענטש, וואס איז געווען „א גאנצער רעוואלוציאנער", האט זיך אזוי שטארק געענדערט, אז ער איז מיט דער צייט געווארן א געלאסענער, א רויקער, א סטאטעטשנער קולטור־טוער.

אויב מען באקענט זיך גוט מיט ל. מ. שטיינס כאראקטער, מיט זיינע אינערלעכע איבערלעבונגען, מיט זיין געדאנקען־גאנג, מיט די גרונטמאטיוון, וואס באוועגן אים און זיינע געזעלשאפטלעכע האנדלונגען — מוז מען קומען צום אויספיר, אז דער קולטור־טוער ל. מ. שטיין איז געבליבן דער זעלבער רעוואלוציאנער, וואס ער איז געווען דאן, ווען ער האט אין זיינע יוגנטיארן, אפגעגעבן אלע זיינע כוחות דער פאליטישער טעטיקייט, דעם קאמף קעגן דער צארישער הערשאפט.

די געשיכטע פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג איז פול מיט פערזענלעכקייטן, וואס זענען פון זייער נאטור פאקטיש קיין מאל נישט געווען קיין רעוואלוציאנערן. די באוועגונג, צו וועלכער זיי האבן געהערט און וועלכער זיי האבן אפגעגעבן זייער לעבן, האט גע־האט רעוואלוציאנערע צילן און האט אנגעווענדט רעוואלוציאנערע מעטאדן, אבער זיי גופא זענען פסיכאלאגיש, לויט זייער גאנצן גייסטיקן מהות, לויט זייער געדאנקען־גאנג און לויט זייער גאנצן לעבנס־שטייגער — לויטן אופן ווי זיי פלעגן אויפפאסן און טון זאכן — געווען קאנסערוואטיווע מענטשן דורך און דורך.

מען קען געהערן צו א רעוואלוציאנערער באוועגונג און אליין פון נאטור נישט זיין קיין רעוואלוציאנער. און פארקערט: מען קען א מאל זיין טעטיק אויף א געביט, וואס ווערט נישט קלאסיפיצירט ווי א רעוואלוציאנערע באוועגונג און אליין זיין פון דער נאטור א רעוואלוציאנער אין אויסדריקלעכסטן זינען פון ווארט.

אומצופרידנקייט מיט די עקסיסטירנדיקע אומשטאנדן — דאס איז דער ערשטער כאראקטער־שטריך פון א רעוואלוציאנערער נאטור.

א רעוואלוציאנער איז יענער, וואס לאזט זיך נישט אפשרעקן פון שוועריקייטן. א רעוואלוציאנער איז יענער, וואס לאזט זיך נישט באווירקן פון פאראליזירנדיקע רייד, אז „די אומשטאנדן זענען שטארקער פון אונדז". א רעוואלוציאנער איז יענער, וואס לאזט זיך נישט איינרעדן, אז „עס איז שוין צו שפעט" און אז „מען קען שוין גארנישט טון". א רעוואלוציאנער איז יענער, וואס גלייבט, אז פארמעסט און טאט האבן אין זיך מעגלעכקייטן, וואס קענען פון פריער אויס קיין מאל נישט בארעכנט ווערן אין אלע זייערע פאטענצן.

דער רויקער, סטאטעטשנער, געלאסענער קולטור־טוער ל. מ. שטיין איז אין פולסטן זינען פון ווארט א רעבעל, א רעוואלוציאנער. אלץ, וואס ער מוט די לעצטע צוויי צענדליגג יאר ווי א קולטור־טוער, איז א רעזולטאט פון רעוואלוציאנערן אומרו און רעוואלוציאנערער טרייבקראפט. זיין אויסערלעכע געלאסנקייט איז בלויז א מין דעקאראטיווע רוטין. אין זיך איז ל. מ. שטיין דער היפך פון דער דאזיקער רוטין. אינערלעך, אין זיך, געהערט ל. מ. שטיין צו די אומרויקסטע, אומצופרידנסטע, ברויזנדיקסטע כאראקטערן. זיינע אינטימסטע אינערלעכע אימפעראטיוון זענען: טון, אויפטון, פארמעסטן זיך, ברעכן צוימען, באזייטיקן שטרויכלונגען, שאפן פאקטן, נישט לאזן זיך באהערשן פון רוטין.

יא, ל. מ. שטיין האט קיין מאל נישט אויפגעהערט צו זיין א רעוואלוציאנער.

---

## ארטיקל פון מ. יוווילער

(סוף פון זייט 49)

האט ל. מ. שטיין אריינגענומען אין זיין געשעפט א שותף, נישט קיין ייִד, און די, וואס האבן שטיינען נישט גוט געקענט, האבן זיך געזארגט, אז די „אידיליע" האט זיך געענדיקט. נישט אזוי איז דאס אבער געשען — דער שותף האט זיך אזוי איבערגענומען מיט שטיינס אינסטיטוציעס, אז ער איז אפט א מיטקאמפיינער פאר ייִדישע קולטורצוועקן.

דאס אלץ קאן שאפן דעם איינדרוק, אז ל. מ. שטיין איז א טוער פון דעם פראקטישן מין, ווי מען באצייכנט אפט יענע אלע כלל־טוערס, וואס זארגן זיך וועגן דער מאטעריעלער זייט פון די אינסטיטוציעס. ל. מ. שטיין איז טאקע אזא פראקטיקער, אבער נישט בלויז אזא. שטיין איז נישט נאר פאראינטערעסירט אין דעם, אז זיין ייִוואָ זאל האבן פון וואס צו לעבן, נאר ער קוקט אריין אין יעדן פרט פון דעם לעבן פון ייִוואָ. ער וויל וויסן וועגן יעדן פלאן און ער זאגט ארויס מיינונגען, וואס באווירקן אפט מיט זייער לאגישקייט. ער פארשטייט די אויפגאבעס פון די אינסטיטוציעס, מיט וועלכע ער איז פארבונדן. ער ווערט דערהויבן מיט זייערע אויפטוען, ער פילט זיך שווער געשלאגן מיט זייערע דורכפאלן. ער געהערט נישט צו די בייסיקע קריטיקערס, נאר ער באטראכט זיך פאר א מיטשולדיקן און קוקט ארויס אויף נייע אויפטוען, וואס וועלן פארדעקן די דורכפאלן.

זעלטן ווען האט עמעצער מער פון שטיינען פארדינט אונדזערע אויסדרוקן פון ליבשאפט און אנערקענונג.

# גיט אונדז פֿראַדקינס אַ מעמואַרן־בוך

דניאל טשאַרני (ניו־יאָרק)

יצחק לייב פֿראַדקין פֿון בעריסלאַוו, כערסאָנער גובערניע, איז שוין צו 13 יאָר געוואָרן אַן אײַנבינדער.

ווען מען ווערט שוין ייִנגלווײַז געקניפּט און געבונדן מיט דער ביכער־פּראָדוקציע — פֿאַרבלײַבט מען אַ קולטורמענטש אויף אייביקע יאָרן.

אָבער דער יונגער יצחק לייב האָט אין די ייִנגלשע יאָרן זײַנע באַקומען גרויסע סענטימענטן נישט נאָר צו די שווערלײַביקע ביכער, וועלכע מען דאַרף אײַנבינדן, נאָר אויך צו די גאַנץ דינע אומלעגאַלע בראָשורן פֿאַר וועלכע מען ווערט „געבונדן" פֿון דער צאַרישער פּאָליציי און פֿאַרשיקט ערגעץ ווו אין אַ תּפֿיסה, צי קיין סיביר.

צוליב דעם טאַקע, וואָס דער יונגער אײַנבינדער פֿלעגט גאַנץ אָפֿט „געבונדן" ווערן פֿון דער פּאָליציי — האָט ער אין 1907 זיך אָפּגעטראָגן אויף אַ פֿאַרשטעלטן נאָמען קיין אַמעריקע און פֿון דענסטמאָל אָן איז ער געוואָרן אַ ל. מ. שטיין.

ער האָט געענדערט זײַן נאָמען, אָבער נישט זײַן באַרוף.

איך זאָג „באַרוף" און ניט „פּראָפֿעסיע", ווײַל בוכבינדערײַ איז עפּעס מער פֿון אַ פּראָפֿעסיע!

אַ פּראָפֿעסיע קאָן מען לײַכט בײַטן, בפֿרט נאָך אין אַמעריקע, אָבער אַ בוכבאַרוף שטעקט שוין אין די בלוטן און מאָנט זײַן געהעריקן תּיקון.

איז שוין אָט באַלד פֿערציק יאָר, ווי ל. מ. שטיין פֿירט אָן אין שיקאַגאָ אַן אייגענע בוכבינדערײַ, וועלכע האָט אים דערהויבן צו דער הויכער מדרגה פֿון פֿאַרלעגערײַ.

די פּריווילעגיע פֿון אַ פֿאַרלעגערישן אײַנבינדער באַשטייט אין דעם, וואָס ער קאָן אַליין מאַכן דעם אָפּקלײַב פֿון יענע ביכער, וועלכע ס׳גלוסט זיך אים צו באַפּוצן מיט אַ גאָר פֿײַנעם אײַנבונד.

האָט שוין טאַקע ל. מ. שטיין אויף זײַן קאָנטאָ אַ היפּשע צאָל וויכטיקע און געוויכטיקע ביכער, וואָס זײַנען אַ דערקוויקונג פֿאַר דער נשמה און אַ צירונג פֿאַר דעם ביכערשראַנק.

אָבער ל. מ. שטיין איז נישט נאָר פֿאַרליבט אין ביכער, נאָר ער האָט ליב אויך די מענטשן, וועלכע פֿאַרפֿאַסן די ביכער.

דאָס האָב איך דערזען באַשײַמפּערלעך מיט עלף יאָר צוריק, ווען כ׳בין געווען זײַן גאַסט אין שיקאַגאָ.

ל. מ. שטיין האָט אַ ספּעציעלן גאַסטצימער פֿאַר שרײַבער, וואָס קומען קיין שיקאַגאָ.

זײַן אַ גאַסט בײַ ל. מ. שטיינען אין הויז איז זייער אָנגענעם



## אַ וואָרט פֿון ה. לייוויק

איך בין נאָך אַלץ נישט אין גוטן געזונט־צושטאַנד און דעריבער איז מיר נישט מעגלעך צו באַטייליקן זיך אינעם יובל־זשורנאַל לכּבֿוד ל. מ. שטיינען מיט אַן אַרטיקל און אַפֿילו ניט מיט אַ וויפֿל־ניט־איז גרעסערער צושריפֿט.

ס׳איז גאָר קיין ספֿק נישט בײַ מיר, אַז ל. מ. שטיין פֿאַרדינט, מיר זאָלן אים צוטיילן כּבֿוד. וואָס שייך מיך אַליין פֿיל איך ניט איין מאָל די פֿײַנקייט פֿון שטיינס האַנדלונגען און דער הויפּט טאַקע זײַנע אייִדעלע קולטור־מעשׂים.

זאָל אָט דאָס קורצע בריוול מײַנס זײַן דער אויסדרוק פֿון מײַן טיפֿער באַציִונג צו אים. איך שיק אים אַלע מײַנע ברכות — ער זאָל זיך עלטערן אין זײַנע שיינע מעשׂים ביז הונדערט און צוואַנציק.

ה. לייוויק



און באַקוועם. מען ווערט באַלד אַ מיטגליד פֿון זײַן משפּחה. זײַן ליבע פֿרוי סאָניע קומט אים דאָ שטאַרק צו הילף.

פֿון די אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס איך האָב געהאַט באַזוכט אין אַמעריקע, בין איך נאָר אין דעטרויט און אין שי־קאַגאָ פֿאַרבליבן לענגער, ווי כ'האָב פֿריִער אויספּלאַנירט, ווײַל בײַ לויִס לאַמעדן אין דעטרויט און בײַ ל. מ. שטיינען אין שיקאַגאָ האָב איך זיך באַלד דערפֿילט היימיש און זיכער, ווי „בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן."

אָבער נאָך מיט יאָרן פֿריִער, נאָך איידער די שטיין־משפּחה האָט מיך אַזוי היימיש אויפֿגענומען אין זייער היים — האָב איך שוין געהאַט גענוג סענטימענטן צו דעם אומבאַקאַנטן ל. מ. שטיין, וואָס ווײַזט אַרויס אַזוי פֿיל געשמאַק און ליבשאַפֿט צום ייִדישן בוך.

האָב איך נאָך אין 1938 אָנגעשריבן לכּבֿוד ל. מ. שטיינען אַ ליד אַזאַ, וואָס הייסט „ביכער".

דאָס ליד איז נאָך פֿאַר מיר אַקטועל ביז הײַנט. דעריבער דערלויב איך זיך לכּבֿוד ל. מ. שטיינס 70סטן געבוירן־טאָג, ביז 120, איבערצודרוקן דאָס ליד נאָך אַ מאָל:

געבענטשט זאָלן זײַן אַלע ביכער
געשריבן אין פּראָזע און גראַמען,
איך פֿיל זיך מיט זיי אַזוי זיכער
און יום־טובֿדיק, ווי בײַ דער מאַמען.

זיי ברענגען מיר גוטע גערישן
פֿון ברידער, פֿון פֿרײַנד און קאָלעגן —
איך פֿריי זיך אַזוי צו געניסן
פֿון אונדזער געדרוקטן פֿאַרמעגן!

איך וואַנדער מיט זיי אַזוי זיכער
דורך אַלע יבשות און ימען —
געבענטשט זאָלן זײַן אַלע ביכער
געשריבן אין פּראָזע און גראַמען!

און זאָל אויך זײַן געבענטשט אונדזער באַליבטער יובילאַר ל. מ. שטיין, וואָס האָט נישט נאָר פֿאַרגרעסערט די צאָל ייִדישע ביכער, נאָר אויך זיי שטאַרק פֿאַרשענערט.

ווינטש איך אים הײַנט, אַז צו זײַן 70סטן געבוירן־טאָג זאָל ער אונדז אונטערטראָגן נאָך איינעם אַ בוך, און נעמלעך: אַן אייגענעם מעמואַרן־בוך, וואָס וואָלט געווען אַ דערקוויקונג פֿאַר זײַנע פֿרײַנד.

כ'מיין, אַז זײַן „יוגנטפֿרײַנד" יצחק לייב פֿראַדקין וואָלט אים דערבײַ גאַנץ גוט אַרויסגעהאָלפֿן.

נישט אַזוי, ליבער פֿרײַנד ל. מ. שטיין?

# ס'דאַרף זײַן: ל. וו.

**סאַל באָדין** (שיקאַגאָ)

איך טראַכט אָפֿט, אַז דער נאָמען וואָלט באַדאַרפֿט זײַן ל. וו. שטיין, ווײַל אַלץ וואָס ל. מ. שטיין טוט פֿאַר ייִדישער קולטור, פֿאַר ייִדישער קונסט, פֿאַרן ייִדישן בוך און פֿאַר ייִדיש בכלל, טראָגט דעם כאַראַקטער און די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ למד־וואָווניק.

ווי אַ קולטור־טוער און כּלל־טוער איז ל. מ. שטיין אַ יוצא־מן־הכּלל. ער טוט זײַן אַרבעט אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. ער אַרבעט און טוט און שטיצט אַלץ אין וואָס ער אַליין גלייבט — ניט לאָזנדיק זיך באַאײַנ־פֿלוסן פֿון זײַטיקע אידעאָלאָגישע אָדער אַנ־דערע מאָטיוון.

דערפֿאַר איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס ל. מ. שטיין פֿאַרמאָגט אויסער דער גרויסער צאָל חסידים און אָנהענגערס אויך אַ צאָל ניט־חסידים און ניט־אָנהענגערס — אַזוי גע־רופֿענע „קריטיקערס".

איינער פֿון זײַנע אַזוי גערופֿענע חסרונות, פֿאַר וועלכע ער ווערט אָפֿט קריטיקירט, איז זײַן עקשנותדיקע פּעדאַנטישקייט. אָבער דווקא דאָס איז אַ שטריך, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם מענטש ל. מ. שטיין — דאָס איז ווײַט פֿון צו זײַן אַ חסרון. איך וואָלט בפֿירוש צוגערעכנט אַזאַ מין שטריך צו זײַנע מעלות, ווײַל, בדרך־כּלל, לײַדן אַ היפּשע צאָל פֿון אונדזערע קולטור־טוער פֿון... אומפּינקט־לעכקייט.

ל. מ. שטיין איז אַן „אינסטיטוציע", די־רעקטירט און דיקטירט פֿון ל. מ. שטיינען. דערפֿאַר באַקומט זיך אָפֿט אַן אײַנדרוק, אַז ער איז שאַרף סענסיטיוו און ניט אַזוי ביי־געוודיק און ניט אַזוי נאָכגיביק ווי געוויסע זײַנע חבֿרים וואָלטן געוואָלט ער זאָל זײַן.

אָבער ווען אַ טוער טוט פֿאַר אַ זאַך אין וואָס ער גלייבט, און גלייבט אין דעם וואָס ער טוט, און טוט וואָס ער טוט לשמה — אַזוי ווי אונדזער טײַערער חבֿר ל. מ. שטיין טוט עס — איז ער באַרעכטיקט צו זײַן אומ־רויִקייט און צו זײַן סענסיטיווקייט.

איך באַגריס האַרציק מײַן ליבן חבֿר ל. מ. שטיין צו זײַן 70יאָריקן געבוירן־טאָג און ווינטש אים, אַז ער זאָל נאָך אַ לאַנגע, לאַנגע צײַט זײַן אַזוי שעפֿעריש, יונג און אַזוי עקשנותדיק קאָרעקט אין זײַן געזעל־שאַפֿטלעכן לעבן.

# ל. מ. שטיין – אַ בן־שבֿעים

**זרובבֿל** (תּל־אָבֿיבֿ)

ס'איז פֿריידיק צו וויסן, אַז שטיין איז שוין אַ זיבעציקער און האַלט זיך אַזוי מונטער און איז אַזוי יונג.

כאַראַקטעריסטיש: מיט אַ 15 יאָר צוריק האָבן מיר געפֿײַערט שטיינס 25יאָריקן יובילײ פֿון קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, און ס'איז נישט אײַנגעפֿאַלן צו פֿרעגן אָדער גאָר צו פֿאַרצייכענען, ווי אַלט איז דער יובילאַר. מיר האָבן אים אויפֿגענומען נישט לויט זײַן עלטער, נאָר לויט זײַן טעטיקייט, און אויף דעם שטח איז ער תּמיד געווען פֿריש און יונג, הלוואַי אויף ייִנגערע פֿון אים נאָך איצט געזאָגט געוואָרן.

אַז ווויל צו אים, וואָס ער האָט זוכה געווען אויפֿצוהיטן צו 70 אַזאַ אַקטיוויקייט, צאַרטע עמפֿינדלעכקייט און פֿײַנפֿיליקייט.

וויפֿל מאָל כ'האָב זיך מיט אים געטראָפֿן, האָב איך שטענדיק געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז איך האָב אים געפּאַקט ערשט בײַ דעם פּרק בראשית פֿון זײַן אונטערנעמערישקייט און פֿאַרצווײַגטער קולטור־דערציִערישער טעטיקייט.

אַ קולטור־דערציִער — אַזאַ איז ל. מ. שטיין געווען פֿאַר מיר אַלע יאָרן. ס'מאַכט נישט, וואָס ער האָט צו טאָן מיט פֿאַרלעגערישער אַרבעט, וואָס ער גיט זיך אָפּ מיט קונסט־אויסגאַבעס. בוך און בילד און שול — דאָס זענען לגבי שטיינען עלעמענטן פֿון קולטור־דערציִונג אויף אויסצופֿאָרמירן דעם מענטש.

ל. מ. שטיין זעט פֿאַר זיך כּסדר דעם מענטש, דעם העכערן מין מענטש דורכגענומען מיט געפֿיל פֿאַר שיינקייט און אָנגעזאַפּט מיטן אַראָמאַט פֿון פֿרײַהייטלעכן גײַסט.

רעוואָלוציאָנער פֿון יונגע יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד, אַקטיווער מיטגליד פֿון ייִדישער זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען, זאַמלער פֿון קונסטאַנטיקן און אָפּהיטער פֿון עסטעטישן געשמאַק בײַם אַרויסגעבן ייִדישע ביכער און אַלבאָמען — דאָס זוכט שטיין נאָך אַנאַנד אויסצודריקן זיך, באַפֿרידיקן אַ נישט־געשטילטן דאָרשט זײַנעם נאָך שיינקייט און גאַנצקייט.

עניוותדיק און צוריקגעהאַלטן אין באַנעמונג, איז שטיין אַן עקשן און פֿעלדזנפֿעסט אין זײַנע מיינונגען און אײַנשטעלונגען.

איך האָב אים נישט געזען עטלעכע יאָר. אָבער מיר איז אויסגעקומען גרײַלעך צו פֿירן מיט אים לעצטנס אַן אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ. מיר האָבן זיך אַפֿילו געהאַט צעוואָרטלט. נאַטירלעך איז עס געווען אַ מחלוקה לשם שמים. האָב איך געהאַט אַ סך הנאה פֿון דעם, ווי אַזוי שטיין איז באַשטאַנען אויף זײַנע מיינונגען און פֿאַרטיידיקט זײַן אײַנשטעלונג. שוין גאָרנישט קיין מהיכי־תּיתיניק! נישט געוואָלט נאָכגעבן און „זיך נישט געלאָזן“.

גיי, ווייס, אַז ער איז אַ זיבעציקער!

אַזאַ איז שטיין אַלע יאָרן, און דערפֿאַר האָב איך צו אים אַזאַ אויפֿריכטיקן געפֿיל פֿון רעספּעקט.

זײַן פֿאַרלעגערישע טעטיקייט, ווי זײַן גאַנצע קולטור־עסקנות, איז פֿאַר אים נישט קיין „ביזנעס“, און ער טוט, וואָס ער טוט, נישט צוליב „פּובליסיטי“. עס גייט אים אין לעבן דער ענין ייִדישע קולטור. עס אַרט אים

(סוף אויף זײַט 75)

## ל. מ. שטיינס וועג צום בוך

**דוד פּינסקי** (חיפה)

פֿון פּראָפֿעסיע בוכבינדער, אייגנטלעך בעל־הבית פֿון אַ גרויסער מאָדערנער בוכבינדערײַ אין שיקאַגאָ.

וויל מען זען ל. מ. שטיינען אין מיטן טאָג וועגן אַ קהלשער זאַך, מוז מען אים באַזוכן אין זײַן בוכבינדערײַ. האָט ער געהאַט אַ נטיה צו ביכער, איידער ער איז געוואָרן בוכבינדער, אָדער האָט די בוכבינדערײַ אַנטוויקלט אין אים אַ וואַרעמע באַציִונג צו ביכער, ווייס איך נישט. אַ געזונטער גײַסט אין אַ געזונטן קערפּער און אַ גוט בוך אין אַ גוטן אײַנבאַנד; דאָס בוך געווינט זײַן תּיקון דורך דעם אײַנבאַנד; דער שיינער אײַנבאַנד צײַגט, ווי דאָס בוך ווערט געערט און געליבט — אַזוי באַציט זיך שטיין צו בוך און אײַנבאַנד.

בײַ אונדזער ערשטער באַגעגעניש, האָט ל. מ. שטיין גערעדט מיט האַרץ און ווייטיק וועגן שלעכטן אויסזען פֿון אַ ייִדישן בוך — ווי שלעכט דאָס ווערט געדרוקט און ווי נאָך ערגער עס ווערט אײַנגעבונדן. און אַזוי איז ער אַליין געוואָרן אַ פֿאַרלעגער און פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעגעבן אַ ייִדיש בוך. ער האָט זיכער געמאַכט אַ שלעכט געשעפֿט און צוגעלייגט געלט. אָבער ער האָט די ייִדישע ביכערוועלט באַרײַכערט מיט עסטעטיש אויסזעענדיקע ביכער, און דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט.

אָט די ליבע צום בוך האָט אים, דאַכט זיך, אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט פֿאַר דער ייִדישער קולטור. דורך איר, דורך דער ליבע צום בוך, איז ער געוואָרן אַ טוער אין די שלום־עליכם־שולן. דורך איר איז ער אַרײַן אין דער אַרבעט פֿאַרן ייִוואָ, געוואָרן אַ פֿרײַנד פֿון ייִדישע שאַפֿער און ייִדישער שאַפֿונג, געוואָרן אַ באַרימטער אַדרעס פֿאַר אַלע, וואָס טראָגן אויף זיך דעם קאַמף פֿאַר ייִדיש און דעם ייִדישן וואָרט.

צו זײַן זיבעציקסטן יאָר ווינטש איך אים, ער זאָל נאָך לאַנג לעבן און נאָכגיין נאָך זײַן ליבע און דערלעבן טאַקע כאָטש אַ ביסל נחת.

# דער אידעאַליסט און פּראַקטיקער

ליפּע לעהרער (ניו־יאָרק)

ווען מיר זענען געקומען קיין אַמעריקע, האָט יעדער פֿון אונדז מיטגעבראַכט אַ פּעקל. איינער האָט געהאַט אין פּעקל אידעען, אַ צווייטער — אידעאַלן, אַ דריטער — טלית־און־תּפֿילין אאַז״וו. אונדזער גוטער פֿרײַנד ל. מ. שטיין האָט צווישן אַלע מטלטלין אויך מיטגעבראַכט אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג, אַ שטאַרקן חשק צו שיינע מעשׂים.

איך האָב מײַן גוטן פֿרײַנד שטיינען קיין מאָל נישט געזען, קיין מאָל מיט אים פּערזענלעך נישט גערעדט. מיר דוכט זיך, — ניין, איך בין זיכער, אַז ווען כ׳זאָל אים באַגעגענען אויפֿן גאַס, וואָלט איך אים באַלד דערקענט און איך וואָלט אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן, אַ וואַרעמען שלום־עליכם.

אונדזערע פֿאַרבינדונגען ציִען זיך שוין כּמעט דרײַ צענדליגג יאָר. די פֿאַרלאַג־טעטיקייט, וואָס האָט אונדז נאָענט פֿאַרבונדן, האָבן מיר אָנגעהויבן כּמעט אין איין צײַט: איך — פֿאַרלאַג „מתּנות“, ער — זײַן אייגענע פֿאַרלאַג־טעטיקייט. אין פֿאַרלויף פֿון דער צײַט האָבן מיר זיך זייער אָפֿט דורכגעשריבן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער אינהאַלט איז מערסטנס געווען וועגן פֿאַרלאַג־ענינים, וואָס זענען אַרומגענומען מיט קרומע און פֿאַרקרימטע פּראָבלעמען. אָבער פֿון יעדן בריוו זײַנעם ווײַרעכט אַרויס אַ שטילע, ריזלדיקע נישט־געשטילטע אומצופֿרידנקייט. אַלץ איז גוט און ווויל, אָבער ער וויל בעסערס, שענערס און גרעסערס. זײַן נישט־געשטילטע אומצופֿרידנקייט ווערט אַ ביסעלע געשטילט בשעת ער גיט אַרויס אַ נײַ בוך. דער פּראָצעס פֿון אַרויסגעבן, צוגרייטן און ענדיקן שטעלט אים צופֿרידן. דאָס גיין צום ציל איז אינהאַלט. דער דערגרייכטער ציל אָבער לאָזט שוין איבער אַן אָפּגעקילטן שאָרכנדיקן פֿרעגצייכן: — נו?

אין זײַן פֿאַרלעגערישער אַרבעט איז ל. מ. שטיין אַ מאַקסימאַליסט. ער וויל וואָס מער און וואָס שענער. ביכער אַליין איז אים וויניק, האָט ער אויך אַרויסגעגעבן גרויסע קונסטאַלבאָמען, קונסטביכער, גראַפֿישע ביכער, לאָטאָס. איך האָב די פֿינאַנץ־באַריכטן פֿון זײַן פֿאַרלאַג נישט געזען, איך בין אָבער זיכער, אַז דאָרטן מוז זײַן אַ מוראדיקער חלל...

ל. מ. שטיין האָט געוווּסט וואָס ער נעמט זיך אונטער. ער האָט זיך קיין פֿייגעלעך אין בוזעם נישט געלייגט. ער האָט דעריבער אַלץ געטון לשמה און ער האָט צו קיינעם קיין טענות נישט. אַרום אים זענען אַלע צופֿרידן: די שרײַבער, די קינסטלער, וואָס ער האָט זייערע ווערק אַרויסגעגעבן; מסתּם אויך די, וואָס האָבן געטון די טעכנישע אַרבעט. אָבער ער אַליין איז געווען אומצופֿרידן: עס איז צו קליין, צו וויניק — ער וויל מער.

ער איז אַ געפֿאַנגענער פֿון זײַן אייגענעם הונגער צו שענערס, בעסערס און גרעסערס.

די דאָזיקע נישט־געשטילטע אומצופֿרידנקייט האָט ער געפּרוּווט שטילן מיט זײַן לעצטן גרויסן אויפֿטו: די „ל. מ. שטיין־

(סוף אויף זײַט 55)

# פֿון האַרץ צו האַרץ

מענדל עלקין
(ניו־יאָרק)

מײַן טײַערער לאַמעד מעם:

נעמט צו מײַן האַרציקסטע באַגריסונג, מײַן מזל־טובֿ, צום יום־טובֿ פֿון אײַער זיבעציקסטן לעבנסיאָר.

עס איז, לויט מײַן מיינונג און לויט מײַן דערפֿאַרונג (איך בין אַליין שוין באַלד אַ...70ער!), ניט קיין גרויסע עובֿדה, ניט קיין גרויסער קונץ, אַלט צו ווערן זיבעציק יאָר. דאָס ווענדט זיך מער פֿון געזונט איידער פֿון שׂכל. אויב מען איז געזונט, לעבט מען, דערלעבט מען, צו ווערן אַ בן־שבֿעים.

וויכטיק און שאַצבאַר איז ווי אַזוי מען האָט די פֿאַרגאַנגענע יאָרן געלעבט, אויסגעלעבט און איבערגעלעבט.

אויב דאָס אָפּגעלעבטע לעבן איז געגאַנגען אונטערן צייכן פֿון מעשׂים־טובֿים, דאַרף עס ערגעץ ווו אין דעם וועלטרוים, ווו ייִדן לעבן, פֿאַרצייכנט ווערן אין די אַנאַלן — אַ זכר לצמיתות פֿאַרן בעל־היובֿל און ווי אַ רמז, אַן אָנזאָג, פֿאַר קומענדיקע דורות.

קומען מיר צו דעם דאָזיקן חשבון, באַלאַנגט איר, מײַן טײַערער פֿרײַנד, צום סאַמע אויבנאָן.

יאָרן לאַנג האָב איך נאָכגעפֿאָלגט אײַערע אינטערעסן. און יאָרן לאַנג האָב איך געזען אײַערע פֿאַרטרויערטע אויגן און גערונצלטן שטערן וועגן גורל פֿון ייִדן און ייִדישער קולטור.

איך האָב געזען מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד איר האָט אויפֿגענומען יעדער אויפֿטו אויפֿן געביט פֿון ייִדישער קולטור — צי דאָס איז געווען אַ גוט בוך, צי אַ טעאַטער־דערפֿאָלג, אַ מאָלערײַ וכדומה.

איך האָב געזען, וואָס פֿאַר אַ טייל אין אײַער גײַסטיקן לעבן עס האָט פֿאַרנומען דער ייִוואָ, מיט וואָס פֿאַר אַן ענטוזיאַזם איר האָט געהאָלפֿן דעם דאָזיקן איינציקאַרטיקן אינסטיטוט.

(סוף אויף זײַט 73)

# אַ בריוו צו ל. מ. שטיין

י. פּאַט (ניו־יאָרק)

מען האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אָט זײַט איר שוין אַ זיבעציקער.

עס שטייט דאָך אין פּרק: „בן שבֿעים לשיבֿה", אָבער ווו שיבֿה, ווען שיבֿה? איך קען אײַך פֿאַר אַ יונגן מענטשן. וועגן אַכציקער זאָגט דער פּרק: „בן שמונים לגבֿורה".

אמת, איך האָב זיך באַגעגנט מיט אײַך בלויז אַ פּאָר מאָל. איך האָב געלייענט בלויז געציילטע פֿון אײַערע פּערלדיקע בריוו. אָבער עס איז גענוג פֿאַר מיר צו האָבן דאָס בילד פֿון דעם טײַערן ייִד, פֿון דעם קולטורמענטש בלבֿ־ונפֿש, פֿון דעם שונא מליצה, וואָס אַנטלויפֿט פֿון כּבֿוד און וועלכער האָט אַ זעלטע־נעם חוש פֿאַר מעשׂים־טובֿים, הויפּטזאַכלעך אויפֿן געביט פֿון ייִדישער שאַפֿונג, ייִדישער קולטור און ייִדישן בוך.

טיף אין האַרצן איז מיר אײַנ־געבאַקן אײַער מעשׂה־גדולה — איך מיין די ל. מ. שטיין־ביבליאָטעק בײַ דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קול־טור־קאָנגרעס.

איך געדענק גוט אײַער ערנצט־קייט, שמילקייט און דורכגעטראַכט־קייט, ווען מיר האָבן געמיינזאַם באַטראַכט דעם ענין. איר האָט אונדז אַלעמען דעמאָלט איבער־געצײַגט: אַלעמען, מיין איך די מיטגלידער פֿון דער באַראַטונג: ש. ניגער, ה. לייוויק, פּ. שוואַרץ, ח. בעז, ל. שפּיזמאַן, מ. וואַסער און מײַן ווייניקייט — אַז מען דאַרף גומ׳ הערן אײַערע געציילטע ווער־טער און אַז אין זיי איז דאָ טעם, זינען און אַחריות.

מיר זײַנען פֿאַרטיק מיטן ערש־טן יאָר „ל. מ. שטיין־ביבליאָטעק". מיר זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין צווייטן. איך גלייב און איך האָף, אַז עס וועט זײַן אַ דבֿר של קיימא.

איך האָב אָנגעהויבן מײַן בריוו צו אײַך מיט אַ פּאָר ווערטער פֿון פּרק, וועל איך עס פֿאַרענדיקן אויך מיטן פּרק: מרבה תורה מרבה חיים. וואָס מער איר וועט אויפֿטאָן אויפֿן געביט פֿון תורה, פֿאַר אונ־דזער ליטעראַטור, אַלץ מער וועט איר פֿילן דעם טעם פֿון לעבן און טאַקע דערגיין, אָט אַזוי ווי איר גייט, ביז גבֿורה.

# דער אידעאַליסט און פּראַקטיקער

ליפּע לעהרער (ניו־יאָרק)

(סוף פֿון זײַט 54)

ביבליאָטעק" בײַם קולטור־קאָנגרעס. מיר דוכט זיך, אַז שטיין האָט צו זיך געזאָגט: „אפֿשר וועל איך דורכן קולטור־קאָנגרעס קאָנען שטילן מײַן נישט־געשטילטע אומצופֿרידנקייט, אפֿשר?"

דאָס ייִדישע בוך האָט זיך קיין מאָל נישט געקאָנט באַרימען מיט גרויסע טיראַזשן. די לעצטע יאָרן — אַוודאי און אַוודאי נישט. האָט עס געמוזט ווערן, און איז געוואָרן, אַן ענין וואָס מוז אָנקומען צו געזעלשאַפֿטלעכער און יחידישער הילף. די העב־רעישע ליטעראַטור האָט געהאַט אַן אבֿרהם שטיבל, וואָס האָט איר אַוועקגעגעבן איבער אַ מיליאָן דאָלאַר און אָן אַ שיעור זי באַרײַכערט, מיט איבערגעזעצטע און אָריגינעלע גרויסע, וואָגיקע ווערק. די ייִדישע ליטעראַטור האָט געהאַט מזל מיט באָריס קלעצקינען, וואָס האָט אין אַ קורצער צײַט אַנטוויקלט אין זײַן ווילנער פֿאַרלאַג אַ קאָלאָסאַלע טעטיקייט און אונדז געגעבן זייער אַ גרויסע צאָל איבערגעזעצטע און אָריגינעלע ווערק. אַמעריקע, מיט ייִדן־מיליאָנערן, אמתע מיליאָנערן, האָט אונדז, ליידער, אַזאַ מין יחיד ביז איצט נישט געגעבן, כאָטש צווישן די רײַכע ייִדן זענען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן דער ייִדישער ליטעראַטור זייער פֿיל צו פֿאַרדאַנקען...

ל. מ. שטיין, ווייסן מיר אַלע, איז נישט געבענטשט מיט מיליאָנען. וואָלט ער געהאַט מיליאָנען וואָלט ער זיי געוויס אַוועקגעגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס אין איר איז ער זייער שטאַרק פֿאַרליבט. די דאָזיקע ליבע גיט ער איבער זײַנע כּוחות.

למען האמת: נישט מיט אַלץ, וואָס מײַן גוטער פֿרײַנד ל. מ. שטיין האָט געטון, בין איך מסכּים געוועזן. צוריק געשמועסט, אַז מען טוט, ווי קאָן מען אַלעמען צופֿרידן שטעלן? פֿאַר זײַן ברייטן ווילן, פֿאַר זײַן שטאַרקן דאָרשט צו טון, און פֿאַר דעם, וואָס ער האָט טאַקע געטון, טוט און וועט נאָך טון, הייב איך הויך אויף מײַן קול און לויב זײַן נאָמען.

איך ווינטש אים פֿ״ז טיפֿן האַרצן, עד מאה ועשׂרים, אַז די טעג, וואָס קומען אַנטקעגן אים און זײַן פֿאַמיליע, זאָלן זײַן אָנגעפֿילט מיט גרויס גליק, געזונט און פֿרייד און ער זאָל קאָ־נען אַנטוויקלען אַזאַ טעטיקייט, אַז ער זאָל סוף־כּל־סוף קאָנען זאָגן בפּה מלא, אַז ער איז צופֿרידן.

# ווי אַזוי ל. מ. שטיין ווירקט אויף זײַן סבֿיבֿה

**מ. מאַנדעלמאַן** (ניו־יאָרק)

ל. מ. שטיין — דער חתן־היובֿל — געהערט צו די אַנשי־מעשׂה. תּכלית שׂנאה האָט ער פֿײַנט שיין־ריידערײַ, וואָס ווערט נישט באַקרעפֿטיקט מיט גוטן טאַט.

דער בעל־היובֿל אונדזערער האָט אַן אָפֿן אויער פֿאַר אַלץ וואָס איז מענטשלעך און ייִדיש. ביד רחבֿה רופֿט ער זיך אָפּ אויף אַלע וויכטיקע ייִדישע כּלל־זאַכן. אַ באַזונדער אינטערעס אָבער האָט ל. מ. שטיין פֿאַר ייִדישער קולטור אויף ייִדיש.

ווען שטיין האָט אַ זאַך ליב, ווען עס געפֿעלט אים עפּעס — טוט ער דערפֿאַר מיט האַרץ, מיט נשמה און מיט אַלץ וואָס ער פֿאַרמאָגט.

זײַן געטרײַשאַפֿט צו ייִדישער קולטור, צו ייִדישער ליטעראַטור און צו ייִדיש איז אומבאַגרענעצט. ער איז בנוגע זיי ווירקלעך מקיים דעם „והגית בו יומם ולילה“. דאָס זײַנען פֿאַר אים ענינים, וואָס גייען אים אָן ביז די טיפֿענישן פֿון זײַן נשמה — טראַכט ער דעריבער און זאָרגט פֿאַר זיי ממש טאָג און נאַכט.

זאָל בײַ דער געלעגנהייט דערציילט ווערן ווי אַזוי שטיין האָט געוווּנען און באַווירקט פֿאַר ייִדישער קולטור אַפֿילו נישט־ייִדן.

יאָרן לאַנג האָט בײַ אים אין אָפֿיס געאַרבעט, ווי אַ סעקרעטאַרין, אַ קריסטלעכע פֿרוי, מיס לאָריען לאַפּאָינט. אָט די דאָזיקע מיס לאַפּאָינט איז געוואָרן אַ נישט־באַצאָלטע סעקרעטאַרין פֿון ייִוואָ אין שיקאַגאָ.

בעת די יערלעכע ייִוואָ־אַקציעס אין שיקאַגאָ ווערט שטיינס ביזנעס־אָפֿיס אויך דער אָפֿיס פֿון דער ייִוואָ־קאַמפּאַניע.

ווען מיס לאַפּאָינט האָט געזען ווי איר בעל־הבית שרײַבט אין די נעכט צענדלינגער ידידי־בריוולעך צו פֿרײַנד וועגן אַ בײַשטײַערונג פֿאַרן ייִוואָ; ווען זי האָט געזען ווי ער רופֿט אָן אַ שיעור מענטשן אויפֿן טעלעפֿאָן וועגן דער אַקציע; ווי ער רעגט זיך אויף ווען עפּעס גייט נישט גלאַט; ווי ער פֿרייט זיך מיט יעדן אַרײַנגעקומענעם טשעק; ווי ער געפֿינט שטענדיק צײַט געדולדיק אויסצוהערן די מענטשן וואָס העלפֿן פֿירן די קאַמפּאַניע פֿון ייִוואָ — איז זי פֿון דעם אַלעם געוואָרן אַזוי באַווירקט, אַז זי האָט גענומען טאָן אומזיסט טעכנישע און בוכפֿירערישע אַרבעט, פּינקטלעך פֿאַרצייכענען דאָס אַרײַנגעקומענע דורכן טאָג, פֿירן די חשבונות פֿון הוצאה און הכנסה, צוזאַמענשטעלן רשימות און באַריכטן פֿאַרן הויפּטאָפֿיס פֿון ייִוואָ אין ניו־יאָרק אאַז״וו. שפּעטערדיקע יאָרן האָט זי אַרויסגעוויזן אַן ענלעכן אינטערעס אויך צו אַנדערע ייִדישע קולטור־צוועקן — אַזוי ביז איר פּלוצעמדיקן טויט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

די פֿאַרשיידענע שליחים פֿון ייִוואָ קאָנען אַ סך וועגן איר דערציילן. די קריסטין מיס לאַפּאָינט פֿאַרדינט באמת, אַז איר נאָמען זאָל פֿאַרצייכנט ווערן אין די אַנאַלן פֿון ייִוואָ.

ווען דער ליבער שטיין איז געוואָרן אַ „בא בימים“ און ער האָט געוואָלט פֿאַרלײַכטערן זיך אַ ביסל דעם עול פֿון געשעפֿט, כּדי צו קאָנען מער צײַט אָפּגעבן זײַן קול־

## אַ גלייביקער

**רחל ווישניצער**

(ניו־יאָרק)

נאָך הײַנט געדענק איך מײַן גרויסע באַפֿרידיקונג, ווען ד״ר מאַקס ווײַנרײַך האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו אַראַנזשירן אין ייִוואָ אַ קורס וועגן ייִדישער קונסט און אַז איך האָב דאָס צו פֿאַרדאַנקען אַ פּערזאָן, וואָס איז זייער פֿאַראינטערעסירט אין מײַן אַרבעט און וואָס האָט עס מעגלעך געמאַכט.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט ווער דער דאָזיקער „ספּאָנסאָר“ איז געווען. נאָך שפּעטער, ווען איך האָב באַזוכט שיקאַגאָ, אין פֿאַרבינדונג מיט מײַנע לעקציעס וועגן קונסט, האָב איך געזען דעם פֿרײַנד ל. מ. שטיין „בײַ דער אַרבעט“: איך האָב אים געזען צוגרייטן זאַכן, צוזאַמענברענגען מענטשן — איך האָב געזען, אַז ער טוט דאָס אַלץ, ווײַל עס גלייט אין אים אַ גרויסער גלויבן אינעם ייִדישן וואָרט און אין ייִדישער קונסט.

איך ווינטש דעם פֿרײַנד ל. מ. שטיין אַל דאָס גוטס.

## נאה מקיים

**ש. מיללער**

(לאָס־אַנדזשעלעס)

זייער פֿיל מענטשן רעדן בײַ אונדז וועגן דער „לאַגע פֿון ייִדישן בוך“, טייל דרשענען אַפֿילו גאַנץ שיין וועגן דעם. ווען עס קומט אָבער עפּעס צו טון פֿאַרן בוך, איז קיינער נישטאָ אין דער היים.

ל. מ. שטיין איז ניט קיין יפֿה דורש. נישט געהערט און נישט געזען פֿון אים קיין „דרשה“ וועגן ייִדישן בוך. ער איז אָבער אַ נאה מקיים. מיר האָבן געזען די ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן און מיר ווייסן פֿון זײַנע בײַטראָגן פֿאַר ייִדישע ביכער, וואָס אַנדערע האָבן אַרויסגעגעבן. פֿאַר אָט דער אַרבעט קומט אים אַ יישר־כּוח.

ווינטש איך אים ער זאָל זײַן געזונט און שטאַרק, און אין די פֿופֿציק יאָר וואָס אים קומט נאָך — לויטן ייִדישן אויסדרוק ביז הונדערט און צוואַנציק — זאָל ער זײַן בכּוח אָנצוגיין מיט זײַן אַרבעט לטובֿת דעם ייִדישן בוך.

טור־געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט — האָט ער זיך אָפּגעזוכט אַ שותּף, אַ יונגן קריסט, און ס'איז כּדאַי צו באַקענען זיך מיט שטיינס קריסטלעכן שותּף.

מ״ר מערקע איז זײַן נאָמען. ער איז אַן אָפּשטאַמיקער פֿון דורות שווייצאַרישע דײַטשן. אין זײַן פֿאַמיליע ווערט — פֿון אַלטע צײַטן אָן — אָפּגעהיט די טראַדיציע פֿון מילה.

מ״ר מערקע האָט אַן אָפֿן פּנים, באַשטראַלט מיט אַ שטענדיקן שמייכל. ער איז מילד אין פֿאַרקער מיט מענטשן און איז שטענדיק גרייט צו העלפֿן.

שטיין האָט מיט מערקען געלערנט נישט נאָר די תּורה און חכמה פֿון זײַנע ביזנעס, נאָר אויך — פֿאַרשטיין זײַנע, ל. מ. שטיינס, גײַסטיקע אינטערעסן.

מ״ר מערקע האָט איבערגעלייענט דאָס ביסל אויפֿקלערונגס־ליטעראַטור וואָס ייִוואָ האָט אַרויסגעגעבן אויף ענגליש. פֿון די אָפֿטע שמועסן מיט שטיינען און מיט די פֿאַרשטייערס פֿון פֿאַרשיידענע קולטור־אינסטיטוציעס, וואָס קומען אַזוי אָפֿט צו שטיינען אין אָפֿיס, איז מ״ר מערקע געוואָרן באַקאַנט מיט די צילן און אויפֿגאַבעס פֿון ייִוואָ און ייִדישער קולטור בכלל.

מ״ר מערקע איז געוואָרן אַ חסיד פֿון ייִוואָ. מיט אַ שמייכל אַקצעפּטירט ער תּמיד דעם בכּבֿודיקן טשעק פֿאַרן ייִוואָ, וואָס זײַן שותּף ל. מ. שטיין שרײַבט אויס פֿון די געשעפֿט־פֿינאַנצן. אָבער נישט בלויז אַ בײַשטײַערער איז ער. מ״ר מערקע זאַמלט אַפֿילו געלט בײַ טייל קריסטלעכע באַקאַנטע זײַנע.

אין די מלחמה־יאָרן האָט ער אַ מאָל געטאָן זײַנעם אַ קריסטלעכן פֿרײַנד אַ גרויסע טובֿה. ער האָט זיך אויסגענומען, אַז ייִוואָ זאָל דערפֿאַר קריגן עטלעכע הונדערט דאָלאַר.

ס'איז באמת אַ פֿאַרגעניגן צו שמועסן מיט מ״ר מערקען. ער קאָן אַ סך ייִדישע שרײַבערס, וועגן וועלכע שטיין דערציילט אים אָפֿט און ער ווײַזט אַרויס גרויס אינטערעס פֿאַר ייִדישער קולטור, ייִדישער געשיכטע וכדומה.

ל. מ. שטיינס אָנגעשטעלטע אין אָפֿיס, די אַרבעטער אין שאָפּ ווי די ביזנעסלײַט, מיט וועמען ער קומט אין אָפֿטן קאָנטאַקט, ווײַזן אַרויס צו אים די גרעסטע מאָס אָפּשײַ, רעספּעקט און אַפֿילו פֿאַרערונג.

די אַרבעטער אין שאָפּ קוקן אויף אים נישט ווי אויף אַ „באָס״. אַפֿילו ווען ער מאַכט וועמען פֿון זיי אַן אויסרייד, פֿאַרטראָגן זיי עס אָן פֿאַרדראָס. זיי זעען, אַז ער אַליין אַרבעט שווער פֿון גאַר פֿרי ביזן שליסן דעם שאָפּ. ער ווייסט וואָס צו פֿאַרלאַנגען און אויך ווי אַזוי די אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן קאָרעקט, פֿײַן און שיין.

שיינקייט איז איינע פֿון די אייגנשאַפֿטן, וואָס שטיין האָט אין בלוט. ער איז אַ געבוירענער עסטעט! ער איז אַן אָפּגעהיטענער אין זײַן אויסערלעכקייט און אין זײַן הלבשה. ער האָט ליב אויסערלעכע, קערפּערלעכע שיינקייט און אוודאי פֿאַרהערלעכט ער נשמהדיקע שיינקייט.

שטיין לאָזט נישט דורך קיין איין וויכטיקע קונסט־אויסשטעלונג, וואָס שיקאַגאָ האָט אַזוי אָפֿט. ער איז באַקאַנט מיט די בעסטע קונסטווערק פֿון אַלטע און נײַע קינסטלערס.

זײַן האַרץ ווערט אויפֿגערודערט, ווען ער דערוויסט זיך פֿון די פּלאָגענישן וואָס אַ שעפֿערישער ייִדישער מענטש האָט, און ער איז דעריבער ווייליק צו העלפֿן מיט וואָס נאָר ער קאָן. שטיינס ליבע צום ייִדישן שאַפֿער און צום ייִדישן בוך איז אין לשער. ער האָט אָבער אויך פּשוט הנאה צו עוסקן און צאַצקען זיך מיט אַ ייִדיש בוך.

בכלל: יעדע דרוקזאַך, צו וועלכער שטיין האָט אַ שײַכות, האָט אַן אָריגינעלן אויסזען. זאָל עס זײַן אַ פּשוטע אײַנלאַדונג, אַ פּלאַקאַט, אַ פּראָפּאַגאַנדע־בלעטל וכדומה. עס מוז בײַ אים האָבן אַ באַשטימטע מאָס, פֿאָרעם און שיינעם אויסזען.

נישטאָ קיין סך שטיינס בײַ אונדז — זאָל ער לעבן לאַנגע יאָרן!

---

## פֿון אַ פֿרײַנד

**ד״ר י. ש. פּאַלישוק**

(שיקאַגאָ)

איך ווינטש חבֿר שטיין אַ סך יאָרן אָנצוהאַלטן זײַן אַקטיוויטעט אויפֿן ייִדיש־קולטורעלן געביט, וואָס איז דער הויפּט־אינטערעס אין זײַן לעבן, ווי ער האָט עס געטאָן ביז איצטער.

---

## ל. מ. שטיין — דער שטילער בויער

**פּראָפֿ׳ סאַל ליפּצין** (ניו־יאָרק)

(סוף פֿון זײַט 48)

עטן און דורך די צייכענונגען פֿון די גראַפֿיקערס, וואָס ל. מ. שטיין האָט געמאַכט פֿאַר אונדז צוגענגלעך.

די דאָזיקע גוטע אַרבעט זײַנע האָט פֿאַר אים געמאַכט דערטרעגלעכער די פּײַן פֿון אונדזער הײַנטיקער עקסיסטענץ. ער זוכט ניט קיין שום אַנדער באַלוינונג און ער נייטיקט זיך ניט אין ווערטער פֿון אונדזער אָנערקענונג.

אָבער אונדזערע פֿרײַנדלעכע באַגריסונגען אין פֿאַרבינדונג מיט זײַן זיבעציקסטן געבוירן־טאָג וועלן אפֿשר באַווײַזן צו צעטרײַבן אויף אַ ווײַלע דעם נעפּל פֿון מעלאַנכאָליע, וואָס רינגלט אים טייל מאָל אַרום.

זאָלן אונדזערע באַגריסונגווערטער אים דערציילן וועגן דער גרויסער צאָל פֿרײַנד, וואָס ער האָט אין דער נאָענט און אין דער ווײַט.

# ל. מ. שטיין — ווי איך זע אים

חיים גראַדע (ניו־יאָרק)

ל. מ. שטיין, דער פֿאַרלעגער־מעצענאַט, גיט אַרויס אַ בוך מיט אַ סך קענטשאַפֿט און ליבשאַפֿט. ער גלעט, מעסט און צירקלט אויס איטלעך בלאַט באַזונדער. ער שפּיגלט זיך אין די טאָוולען און אין אײַנבונד. ער איז פּעדאַנטיש, אַפֿילו אויפֿגערעגט, ווען אַ וואָרט שפּרינגט אַרויס פֿון דער שורה. ער האָט פֿרייד פֿון דער אָנשטרענגונג בײַם דרוקן דאָס בוך, און נאָך אַ גרעסערע פֿרייד בײַם אָפּגעבן זײַנע פֿרײַע טעג עס פֿונאַנדערצושיקן אויף די אַדרעסן פֿון יחידים און ביבליאָטעקן. איך האָב געזען ווי ער נעמט אַזש פֿיבערן פֿון עצם געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ נײַ בוך. זײַן שטרענג, אַ ביסל אַסקעטיש פּנים, נעמט צוקן און ציטערן פֿון שׂמחה צוליב דעם „גוטן געשעפֿט", וואָס ער האָט דאָ געשלאָסן. עס קומט גאָר אויס, אַז ניט ער טוט דעם מחבר אַ טובֿה, נאָר פֿאַרקערט, דער פֿאַרלעגער רײַסט ממש פֿון מחברס הענט דאָס ווערק, ווי דאָס ווערק וואָלט געווען ל. מ. שטיינס פּרנסה און זײַן חיות. אָט דאָס וואָס דער שרײַבער פֿילט, אַז ל. מ. שטיין גיט אַרויס זײַן ווערק ניט פֿון מצווה וועגן, נאָר ווײַל ער וויל פֿאַרזאָרגן דעם לייענער מיט אַ נײַ בוך, און האָט אַליין דערבײַ די גרעסטע הנאה, דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, דאָס שענסטע, דאָס אידעלסטע, דאָס פֿײַנסטע אין כאַראַקטער פֿון אונדזער יובילאַר.

דער שרײַבער נייטיקט זיך אין אָט דער אידעלער באַציִונג צו זיך, ניט נאָר כּדי ער זאָל קענען שאַפֿן, נאָר קודם־כּל, כּדי צו קענען אָטעמען און זיך ניט פֿילן ווי אַ געפֿאַלענער מענטש. דאָס געפֿיל פֿון געפֿאַלנקייט גיט דעם ייִדישן שרײַבער אין אַמעריקע ניט קיין אַנדערער ווי דער, וואָס האָט באַדאַרפֿט זײַן זײַן אונטערשטיצער — דער קויפֿער פֿון ייִדישן בוך. אַפֿילו דעם שרײַבער, וואָס האָט נאָך גענוג שטאָלץ און ווערדע אַליין ניט צו פֿאַרקויפֿן זײַן בוך, נאָר פֿרײַנד טוען עס פֿאַר אים, מוז אויך צײַטנווײַז פֿלאַמען דאָס געזיכט פֿאַר חרפּה. מיטן אויסנאַם פֿון עטלעכע קליינע גרינע קולטור־אינדזלען אין די „סטייטס" — ניו־יאָרק, אַהײַאָ, מישיגען, און אין די שטעט: שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס, און מיאַמי, אַרום און אַרום ניט מער ווי אַ טויט שטעט און שטעטלעך — איז דער אופֿן ווי אַ בוך ווערט געקויפֿט ביכולת אָפּצונעמען בײַם שרײַבער הענט און פֿיס, ער זאָל מער קיין פֿעדער ניט קענען האַלטן אין דער האַנט.

די ערשטע זאַך, וואָס דער בוכקויפֿער טענהט, איז, אַז ער האָט ניט ווו צו האַלטן קיין ביכער, סײַדן ער זאָל עס אַרונטערשלײַדערן אין קעלער. ליגן שוין אָבער דאָרטן זײַן טאַטנס ספֿרים, און פֿאַר נאָך ביכער איז אַפֿילו אין קעלער קיין אָרט נישטאָ. דערנאָך זאָגט ער, אַז ער ווייסט ניט צוליב וואָס ער זאָל אויסגעבן אַ דרײַער אויף אַ בוך, בעת ער איז זיכער מיט דער גרעסטער זיכערקייט וואָס קען געבן, אַז זײַנע קינדער וועלן עס נישט לייענען. אמת, ער קויפֿט טאַקע יאָר־אײַן יאָר־אויס אַ נײַעם „סוט", און זיי קלײַבן זיך בײַ אים, זיי קלײַבן זיך! ווען ער וועט אויסלעבן זײַנע יאָרן, וועלן זײַנע קינדער אַלע זײַנע אָנצוגן פֿאַרקויפֿן אויף שמאַטעס, אוועקשענקען אָדער אַרויסוואַרפֿן. פֿון דעסט וועגן שטערט עס אים נישט צו קויפֿן נײַע אָנצוגן. אָבער אויב שוין קויפֿן אַ בוך, דאַרף עס זײַן אַזאַ בוך, וואָס זאָל אויך טויגן פֿאַר זײַנע קינדסקינדער. דערנאָך טענהט ער, אַז ווי אים דאַכט זיך, איז דער „לעקטשורער" דאָ שוין געווען מיט פֿינף יאָר צוריק און אויך דעמאָלט האָט דער „לעקטשורער" געהאַט מיט זיך אַ בוך. אַז ער אַליין האָט פֿאַר דער צײַט שוין צוויי מאָל געביטן דאָס מעבל און זײַן אויטאָמאָביל — דאָס פֿאַרשטייט ער, אָבער יעדע פֿינף יאָר קויפֿן אַ בוך!? דעריבער זאָג איך, אַז עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן וואָס ל. מ. שטיין טוט פֿאַרן שרײַבער, נישט אַזוי מיט דעם וואָס ער גיט אַרויס אַ ווערק, נאָר מיט דעם ווי ער גיט עס אַרויס, די אַריסטאָקראַטישע אידלקייט מיט וועלכער ער באַהאַנדלט דעם מחבר.

איך גלייב, אַז די רעדאַקציע פֿון דער אויסגאַבע לכּבֿוד שטיינס זיבעציקיאָריקן געבוירן־טאָג וועט ניט האַלטן פֿאַר אומפּאַסיק אויב איך וועל בײַ דער געלעגנהייט דערמאָנען אַ צווייטן ייִדישן פֿאַרלעגער, באָריס קלעצקין.

ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט דעם ווילנער ייִדישן פֿאַרלעגער ב. קלעצקין — ל. מ. שטײנען צו לאַנגע, גליקלעכע און געבענטשטע יאָר — איז שוין ב. קלעצקין געווען אַרונטער פֿון זײַן גדולה. אַ טייל פֿון זײַן פֿאַרמעגן האָט ער געהאַט פֿאַרלאָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך אַ גרעסערן טייל פֿון זײַנע גיטער אין רוסלאַנד האָבן קאָנפֿיסקירט די באָלשעוויקעס. געבליבן איז ער בײַ אַ מויער אין ווילנע, בײַ זײַן דרוקערײַ און אַ ריזיקן סקלאַד מיט ייִדישע ביכער. ער איז געווען נישט אַזוי אַלט — ווי שוואַך און קראַנק. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, ווי איינער וואָס ווייס, אַז ער האָט זיך שוין נישט ווו צו אײַלן. אָבער אין זײַן אויסזען און באַנעמונג האָט ער נאָך אַלץ דערמאָנט אַן אַמאָליקן רוסישן מאַגנאַט. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצע אַרומגעשאָרענע הערצל־באָרד, געהאַט אַ פּאָר גרויסע קלוגע אויגן מיט אַ שפּאָטיש־מידן שמייכל פֿון אַ מענטשן וואָס האָט שלום געמאַכט מיט זײַן גורל. זײַן אייניציקער זון האָט נישט איין מאָל פֿאַר מיר זיך געקלאָגט, אַז ווען זײַן טאַטע וואָלט נישט אַרײַנגעלייגט זײַן געלט אין ביכער, נאָר אין אַ פֿאַבריק, וואָס אַרבעט אויס קנעפּלעך, למשל, וואָלט ער, דער זון, געירשנט אַ

גרויס פֿאַרמעגן. אין מײַן צײַט האָט שוין ב. קלעצקין קיין ביכער נישט אַרויסגעגעבן, און ווען איך בין געקומען צו אים אַרויסגעבן מײַן ערשטע לידער־זאַמלונג, האָב איך מיטגעבראַכט דאָס גאַנצע געלט, וואָס די אויסגאַבע האָט באַדאַרפֿט קאָסטן. פֿון אים האָב איך בלויז פֿאַרלאַנגט ער זאָל מיר דערלויבן אַרויפֿשטעלן דעם נאָמען פֿון זײַן פֿאַרלאַג אויף מײַן ביכל. ער האָט זיך זייער דערפֿרייט צו קענען מיט עפּעס באַהילפֿיק זײַן אַ יונגן שרײַבער. אַ צווייט מאָל האָב איך אים באַזוכט, ווען ער איז געלעגן קראַנק. מיר האָבן זיך צעשמועסט און ער האָט מיר געזאָגט, אַז זײַנע דערפֿאַרונגען מיט שרײַבער האָבן אים געלערנט, אַז יעדער פּאָעט איז אַ ביסל צעמישט, געשטערט אויפֿן גלײַכן שׂכל: „זאָגט אַליין, וועלכער נאָרמאַלער מענטש, וואָס קען פֿאַרדינען געלט, וועט זיך אַליין פֿאַרמשפּטן צו זײַן אַן אָרעמאַן, אַבי צו שרײַבן לידער?״ — האָט ער מיך געפֿרעגט. אין דעם באַהאַלטענעם שמייכל אין זײַנע אויגן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ער מיינט עס נישט, נאָר ער פּרוּווט מיך אויס. האָב איך אים געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע: „און אַ ייִדישער פֿאַרלעגער איז יאָ אַ נאָרמאַלער מענטש?״ „נאָך ווינציקער נאָרמאַל פֿון אַ פּאָעט״, האָט ער זיך צעלאַכט. ווען איך בין שוין געווען בײַ דער טיר האָט ער מיך צוריקגערופֿן: „מיינט נישט אַז איך באַדויער, וואָס איך האָב אַרײַנגעלייגט מײַן געלט אין ייִדישע ביכער. איך קען גרויסע סוחרים, וואָס האָבן אַרײַנגעלייגט קאַפּיטאַלן אין אַנדערע אונטערנעמונגען פֿון וועלכע עס איז אויך גאָרנישט געוואָרן. דאָס איינציקע, וואָס איז זיי געבליבן, איז אַ קרענקונג אין האַרצן, אַז זיי האָבן פֿאַרלאָרן זייער האָב און גוטס. מיר איז אָבער געבליבן אַן אוצר פֿון ייִדישע ביכער, און ווער עס וועט שרײַבן די געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וועט מוזן דערמאָנען דעם פֿאַרלאַג פֿון באָריס קלעצקין.״

צוליב דעם וואָס אַמעריקע איז קיין מאָל נישט געווען אַזאַ אָפּנעמער פֿון ייִדישן בוך ווי מזרח־אייראָפּע, האָט ל. מ. שטיין נישט געקענט אַנטוויקלען אַזאַ פֿאַרלאַג־טעטיקייט ווי ב. קלעצקין. אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט איז זײַן אין אַמעריקע אַ ייִדישער פֿאַרלעגער אַ גרעסערע העלדישקייט און אַפֿילו אַ גרעסערע צידקות ווי דאָס איז געווען צו זײַן אין פּוילן און אין אַמאָליקן רוסלאַנד. ביז אין דער מיט פֿון די דרײַסיקער יאָרן, ווען ייִדן אין פּוילן זײַנען זייער פֿאַראָרעמט געוואָרן און עס האָט זיך געשטאַרקט די אַסימילאַציע אויף דער ייִדישער גאַס, איז אַ ייִדישער פֿאַרלאַג נישט געווען דאָס ערגסטע געשעפֿט, בעת די אַרבעט פֿון ל. מ. שטיין אין אַמעריקע איז פֿון אָנהייב אָן געווען אַ ריינע קולטור־טעטיקייט לשמה. בײַ אונדז האָט אַ פֿאַרלעגער געקענט לכל־הפּחות שעפּן כּבֿוד נישט נאָר מיטן לעפֿל, נאָר אויך מיטן שעפֿל, אָבער אין אַמעריקע איז די צאָל פֿון די, וואָס קענען אָפּשאַצן אַזאַ קולטור־אַרבעט ווי אַ פֿאַרלאַג לשמה אַזוי קליין ווי קליין עס איז דער קרײַז פֿון בעסערן ייִדישן לייענער. דעריבער וועט זיכער נישט זײַן קיין גוזמא צו זאָגן, אַז ל. מ. שטיין איז פֿון די געציילטע יחידים אין אַמעריקע, וואָס מיט זייער כּוח, אומדערמידלעכער אַרבעט און אידעאַליזם האַלטן זיי אויף די היגע ייִדישע קולטור־פּאָזיציעס.

מיט פֿינף יאָר צוריק, ווען איך בין געקומען צום ערשטן מאָל אין שיקאַגאָ און זיך באַקענט מיט ל. מ. שטיינען, איז ער געווען נאָך אַ קראַנקייט, זייער אָפּגעשוואַכט און אויסגעצערט. פֿון דעסט וועגן איז מיר וואַרעם געוואָרן פֿון זײַן פֿרישקייט, האַרציקייט און ברייטקייט. איך האָב דערזען פֿאַר זיך אַ טיפּ פֿון אַן אַמאָליקן רוסישן אינטעליגענט און אידעאַליסט, אַן אייביק באַגײַסטערטער און שטענדיק יונגער, אַ מענטש מיט אַן אייראָפּעיִשער ליבשאַפֿט צו קונסט און דאָרשט צו וויסן. אָבער אין דער זעלבער צײַט — אַן אָרגאַניזירטער אַמעריקאַנער, אַן ענערגישער, אַ פּינקטלעכער, אַ פֿריילעכער, פֿול מיט הומאָר, מיט אַ קולט פֿאַר אַרבעט און מיט מענטשלעכן מיטגעפֿיל.

זינט דעמאָלט טרעף איך ל. מ. שטיינען איטלעך מאָל ווען איך קום קיין שיקאַגאָ. איך ווייס פֿון מײַן פּערזענלעכער דערפֿאַרונג, אַז מחוץ זײַן פֿאַרלאַג־טעטיקייט, זײַן אַרבעט פֿאַרן ייִוואָ, און די ביכער־סעריע אויף זײַן נאָמען בײַם קולטור־קאָנגרעס, איז ער איינער פֿון דעם ענגן קרײַז קולטור־ייִדן אין שיקאַגאָ, וואָס האָבן געשאַפֿן אַ היימיש וואַרעם ווינקעלע, ווו אַ ייִדישער דיכטער ווערט אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפֿט און אָנערקענונג. שיקאַגאָ איז געוואָרן מײַן צווייטע היים און מײַן יום־טובֿ אין אַמעריקע. דאָרט לעבן מײַנע ברידער און מײַנע בעסטע פֿרײַנד, וואָס איך רעכן זיי איצט נישט אויס בײַ די נעמען, ווײַל — אין מערבֿין שׂמחה בשׂמחה.

איך ווינטש זיך אַליין אַז שיקאַגאָ זאָל בײַ מיר נישט ווערן וואָכעדיק, און איך זאָל דאָרט נאָך לאַנגע יאָרן טרעפֿן דעם שטענדיק יום־טובֿדיקן ל. מ. שטיין.



# אַזאַ איז ל. מ. שטיין

נ. כאַנין (ניו־יאָרק)

ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז חבֿרים אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ פּלאַנירן אַ יום־טובֿ פֿאַרן חבֿר ל. מ. שטיין האָב איך געפּילט, אַז איך דאַרף זיך אויך אין דעם יום־טובֿ באַטייליקן.

אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס? מען קען דאָך ניט אָפּרופֿן מענטשן און בעטן, מען זאָל מיך אַרײַננעמען אין קאָמיטעט. האָב איך דעם שטילן פֿאַרדראָס געהאַלטן פֿאַר זיך אַליין.

אָבער אַט דערהאַלט איך אומדערוואַרט אַ בריוועלע פֿון אַ פֿרײַנד, וועלכער שרײַבט מיר, אַז לכּבֿוד ל. מ. שטיינען ווערט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל און מען וויל, אַז איך זאָל זיך באַטייליקן מיט אַ פּאָר קורצע דעראינערונגען וועגן מײַן דערפֿאַרונג אָדער מײַנע באַגעגענישן מיט ל. מ. שטיינען. נאָך אַט דער פֿאָררעדע, דאַרף איך שוין נישט אויסטײַטשן, אַז איך טו דאָס מיט פֿאַרגעניגן.

דער נאָמען ל. מ. שטיין איז מיר געווען אַ סך פֿריִער באַקאַנט, איידער איך האָב זיך מיט שטיינען באַגעגנט פּערזענלעך. דאָס, וואָס איך האָב וועגן אים געהערט, האָט מיך אַלע מאָל געמאַכט טראַכטן, אַז ער איז איינער פֿון די למד־וואָווניקעס, ווײַל ער טוט אַ סך גוטס און וויל נישט מען זאָל וועגן דעם וויסן. פּערזענלעכע „פּובליסיטי” איז פֿאַר אים אַלע מאָל פֿרעמד.

אויף למד־וואָווניקעס בכלל בין איך די לעצטע צענדליג יאָר זייער אין כּעס. איך טראַכט וועגן זיי: אויב עס איז אמת די לעגענדע, אַז אויף זיי האַלט זיך די וועלט, וואָלט עס געווען אַ סך בעסער, ווען זיי ברענגען די וועלט אום, ווײַל די הײַנטיקע וועלט איז אַזאַ מיאוסע, אַזאַ נישט־ערלעכע, אַזאַ רשעותדיקע.

מיינט נישט, אַז איך האָב וועגן דער וועלט אַלע מאָל אַזוי געטראַכט. פֿאַרקערט, איך בין אַלע מאָל אין איר געווען פֿאַרליבט. איך בין געווען פֿאַרליבט אין די מענטשן, וואָס גייען אַרום אויף איר. אָבער די לעצטע 20 יאָר — וואָס פֿאַר אַ שווערע, וואָס פֿאַר אַ ביטערע די וועלט איז!

דאָס אַלץ איז אָבער אַ שטימונג אַזאַ. אין דער אמתן, איז ווי די וועלט זאָל נישט זײַן שלעכט, פֿילט איר זיך גליקלעך און דערהויבן, ווען אויף איר גייען אַרום אַזוינע וווּנדערבאַרע שטילע און איידעלע מענטשן, ווי ל. מ. שטיין.

אַט וועל איך אײַך איבערגעבן נאָר איין עפּיזאָד:

דער באַקאַנטער זשורנאַליסט און קולטור־טוער פּנחס שוואַרץ איז געקומען קיין אַמעריקע. ער איז געלאָפֿן פֿון פּוילן, ווען פּוילן איז געפֿאַלן. לויפֿנדיק פֿון פּוילן קיין ווילנע און שפּעטער דורך סאָוועט־רוסלאַנד און יאַפּאַן, איז ער געקומען צו די ברעגן פֿון אַמעריקע. דאָ האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך, וואָס הייסט **דאָס איז געווען דער**

# בײַ ל. מ. שטיינען איז עס נאַטירלעך

מלך ראַוויטש (מאָנטרעאָל)

אַז איך טראַכט וועגן ל. מ. שטיינען בפֿרט און אינדיווידועל און וועגן די ל. מ. שטיינס בכלל און קאָלעקטיוו אין אַמעריקע — זע איך אַט אַזאַ וויזיע: כּדי צו סימבאָליזירן אַ דערגרייכונג און אַ זיג האָט די גרופּע, וואָס האָט די דערגרייכונג און דעם זיג צוגעגרייט, באַשלאָסן צו בויען אַ מאָנומענט אויף אַ הויכן באַרג, און זיי האָבן אַ גרויסע קאָלאָנע מיט מי און מאַטער אויף דעם שפּיץ פֿון יענעם באַרג געשלעפּט. און עס איז שוין געווען נאָענט פֿון טאָפּלטן זיג. האָט זיך איינעם פֿון דער גרופּע פֿאַרגלוסט חוזק צו מאַכן — אַ ציניקער — און ער האָט איבערגעשניטן די שטריק און די קאָלאָנע האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַלגערן באַרג אַראָפּ. איז פּלוצלינג בײַ אַלעמען דער זיג געוואָרן נישטיק און דער סימבאָל אַ נאַרישקייט און מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט האָבן זיי צוגעקוקט ווי די קאָלאָנע, און מיט איר אַלץ טײַערע, קײַקלט זיך אַראָפּ און אַראָפּ. און נאָר עטלעכע זענען נישט געבליבן שטיין מיט פֿאַרלייגטע הענט און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון אַראָפּ, נאָך גיכער ווי די פֿאַלנדיקע קאָלאָנע, און מיט וואָס נישט איז האָבן זיי דערווײַל אָפּגעשטעלט דאָס פֿאַלן — צווײַגן, קלעצער, וואָס נישט איז. די קאָלאָנע פֿאַלט נישט מער. מער קענען זיי אַליין נישט טון. מער איז נישט פֿאַר זייערע כּוחות. זיי שטייען און רופֿן הילף און וואַרטן — ווײַל איצט קען מען שוין וואַרטן אַ ווײַלע.

דער זיג איז: די דערגרייכונג פֿון דער ייִדישקולטור אין דעם שטאַרקסטן און גרעסטן ייִדישן ייִשובֿ אין אַמעריקע.

די קאָלאָנע איז: די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע.

די חוזק־מאַכער זענען: די לײַכטזיניקע אָפּאָרטוניסטן.

און די וואָס וואַרפֿן זיך ראַטעווען אָפּט מאָל קעגן יעדער מאָמענטאַנער לאָגיק, זענען: דער ל. מ. שטיין — די ל. מ. שטיינס — וואָרעם כאָטש זיי זענען זעלטן און ווייניק, זענען זיי דאָך קיין מאָל און אין ערגעץ נישט אַליין. וואָרעם כאָטש זיי זעען אויס ווי „משוגענע” — זענען זיי די סאַמע לאָגישסטע און ווײַטזעעוודיקסטע און מיושבֿסטע.

און אַז איך הער, אַז אין זײַן עלטער שטייט ל. מ. שטיין נאָך אַלץ אין אונדזער גאָרטן „מיט די זיבן בלעטלעך קוים אויף דעם איינציקן בוים” — ווי עס איז געווען די וויזיע פֿון משה לייב האַלפּערן — און פֿלאַנצט די שענסטע אידעען פֿון לאַנגע מאָרגנס, ווי אין נאָרמאַלע ליטעראַטורן, וווּנדערט עס מיך נישט. בײַ ל. מ. שטיינען איז עס נאָר נאַטירלעך.

דער זיג איז געווען אַזוי נאָענט —

און אויך די נידערלאַגע שוין אַזוי נאָענט —

מיט דער הילף פֿון די ל. מ. שטיינס וועט די אָנקומענדיקע נידערלאַגע פֿאַרוואַנדלט ווערן ווידער אין זיג און שוין אויף אייביק.

אָנהייב (חורבן פּוילן). אין דעם מאַנוסקריפּט האָט ער געשילדערט זײַן לויפֿן, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּוילישע און ייִדישע זשורנאַליסטן, איבער שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן. ער האָט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט אַלעמען די שרעק פֿון דעם מערדערס קומען, פֿון היטלערס קומען. איך האָב דעם מאַנוסקריפּט געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען. איך האָב געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען אַן עוולה און אַ פֿאַרלוסט ווען דער מאַנוסקריפּט קען ניט אַרויס אין אַ בוך, וואָס די ייִדישע וועלט זאָל קענען לייענען און זיך באַקאַנען מיט יענער אויפֿטרייסלענדיקער עפּאָכע.

איך בין געקומען צום בילדונגס-קאָמיטעט מיט אַ פֿאָרשלאָג אַרויסצוגעבן דאָס בוך, אָבער דער בילדונגס-קאָמיטעט האָט אויף דעם קיין פֿאָנדן נישט געהאַט. אַ סך נאָענטע מענטשן האָבן געוווּסט וועגן דעם פּלאַן. דאָס איז אויך דערגאַנגען צו ל. מ. שטיינען. ווי נאָר דאָס איז צו אים דערגאַנגען קריג איך פֿון אים אַ בריוו, וווּ ער שרײַבט:

„איך האָב געהערט, אַז איר פּלאַנירט אַרויסצוגעבן פּנחס שוואַרצעס אַ בוך, נאָר אײַך פֿעלט געלט, בין איך גרייט אײַך צו לײַען $1,000. איך דערוואַרט דערבײַ, אַז אַ העלפֿט פֿון דער סומע זאָל איך באַקומען צוריק. און זאָל דאָס בוך אַרויסגיין. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך באַקומען דעם טשעק.

ווען ל. מ. שטיינס פֿרײַנד האָבן זיך דערפֿון דערוווּסט, האָט מען פֿון אים געלאַכט און מען האָט אים געקיבעצט, אַז ער וועט קיין גראָשן פֿון דעם געלט נישט באַקומען אויף צוריק. ער האָט זיך אַפֿילו געוועט מיט איינעם אַ חבֿר: ער, שטיין, האָט געזאָגט, אַז ער וועט קריגן צוריק $500 פֿון די טויזנט, און יענער האָט געזאָגט, אַז נישט. מיר האָבן פֿון דעם געוועט נישט געוווּסט.

און אָט איז דאָס בוך אַרויס און האָט זיך אָנגעהויבן זייער גוט צו פֿאַרקויפֿן. די ערשטע $1,000 פֿון דעם בוך האָבן מיר מיט פֿרייד איבערגעשיקט צו שטיינען.

ווען שטיין האָט דערהאַלטן אונדזער טשעק, האָט ער אונדז געשריבן, אַז ער האָט מער ווי $500 ניט דערוואַרט און אונדזער ענטפֿער איז געווען אַז ווען מיר האָבן דאָס געלט פֿון בוך אַרײַנגעקראָגן, דאַרף ער קריגן די פֿולע סומע צוריק. ער וועט קריגן אַנדערע גוטע צוועקן, פֿאַר וועלכע ער זאָל אַוועקגעבן די $500, וואָס ער האָט געוואָלט בײַשטײַערן פֿון זײַן אייגענער קעשענע אויף אַרויסצוגעבן דאָס בוך. איז אָנגעקומען פֿון אים נאָך אַ בריוו מיט אַ טשעק אויף $50, מיר זאָלן דעם טשעק פֿאַרטאָן פֿאַר וואָס פֿאַר אַ צוועקן מיר ווילן, ווײַל ער האָט די $50 געוווּנען אין אַ געוועט מיט אַ פֿרײַנד, וואָס האָט געטענהט, אַז מיר וועלן אים אַפֿילו קיין $500 אויך נישט צוריקגעבן.

צוליב וואָס דערצייל איך אײַך די מעשׂה? זיכער נישט צוליב דעם, כּדי מיר זאָלן זיך אויספּײַנען, אַז מיר האָבן באַצאָלט אונדזער חובֿ. איך דערצייל דאָס אויסדריקלעך, כּדי צו כאַראַקטעריזירן דעם מענטשן שטיין — דעם צוטרוי, וואָס ער האָט צו מענטשן, די הילפֿס-גרייטקייט, וואָס ער פֿאַרמאָגט. אַזוי האַנדלען קענען נאָר מענטשן, וואָס האָבן אַ גרויס און ברייט האַרץ. ל. מ. שטיין פֿאַרמאָגט דאָס.

איך האָב ל. מ. שטיינען אַ סך מאָל באַגעגנט און אַלע מאָל האָב איך אין אים געזען אַ שטילן, באַשיידענעם, האַרציקן מענטשן, אַ גוטן חבֿר. צו זײַן יום-טובֿ שיק איך אים מײַן האַרציקע, האַרציקע באַגריסונג.

## שווער צו שרײַבן אַ קורצע באַגריסונג צו ל. מ. שטיינען

מ. ל. פּאָלין (שיקאַגאָ)

ל. מ. שטיין איז אַ גוטע טעמע פֿאַר אַ וואָגיק בוך, געשריבן פֿון אַ קולטור־היסטאָריקער אָדער פֿון אַ גוטן נאָוועליסט.

איך געהער נישט צו ביידע קאַטעגאָריעס. און דאָך קאָן איך נישט דורכלאָזן די זעלטענע געלעגנהייט צו שרײַבן אַ פּאָר ווערטער וועגן ל. מ. שטיינען דעם מענטש, דעם ייִד, דעם קולטור־טוער און דאָס וויכטיקסטע — דעם גוטן ליבן חבֿר און פֿרײַנד.

לויט מײַן אָפּשאַצונג איז ל. מ. שטיין איינער פֿון די ווייניקע פֿון אונדזער דור, וועלכער איז אַזוי אַלזײַטיק און גלײַכצײַטיק אַזוי באַשיידן — אַזוי אָנגענעם באַשיידן.

באַלד ווי איך האָב זיך מיט אים פּערזענלעך באַקענט האָב איך געפֿילט עפּעס אַזאַ אָנגענעמע נאָענטקייט, פּונקט ווי איך וואָלט מיט אים געווען באַקאַנט אַ לעבן לאַנג.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געהאַט אַ פֿאַרבינדונג מיט דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד און דאָס האָט אים נאַטירלעך מיר געמאַכט נאָך נענטער.

מײַן האַרציקסטע באַגריסונג צו זײַן 70סטן יובֿל און מײַן ווונטש אויף לאַנגע יאָרן פֿון ווײַטערדיקער טעטיקייט, גוטן געזונט און מונטערער שטימונג.

# פֿון תּודוס איש רומי ביז ל. מ. שטיין

משה שטאַרקמאַן (ניו־יאָרק)

ייִדן שטאָלצירן מיטן צונאָמען „עם הספֿר“ — דאָס פֿאָלק פֿון בוך.

מחמד, דער גרינדער פֿון איסלאַם, האָט מיט דער דאָזיקער באַצייכענונג געמיינט בלויז צו זאָגן, אַז ייִדן זײַנען דאָס פֿאָלק, וואָס וועגן זיי רעדט זיך אינעם באַשטימטן בוך, אין תּנ״ך. אָבער די ייִדן גופֿא האָבן מחמדס אויסדרוק פֿאַרטײַטשט, אַז ס׳זאָל אויסקומען, אַז בײַ אַחינו בני ישׂראל איז די ליבשאַפֿט צום ספֿר אַ נאַציאָנאַלער אייגנאַרט.

דאָס איז טאַקע געווען דער אמת אין די פֿאַרגאַנגענע דורות. אַפֿילו אין דער אָרעמסטער ייִדישער שטוב, אַפֿילו אין דער היים פֿון דער סאַמע פֿאַרגרעבטסטער משפּחה, האָבן זיך געפֿונען אַ צענדלינג ספֿרים, אויף לשון־קודש און אויף עבֿרי־טײַטש. די פֿרום־ייִדישע סבֿיבֿה האָט גורם געווען, אַז רוחניותדיקייט בכלל זאָל האָבן די גרעסטע השפּעה אין ייִדישן לעבן.

די ייִדיש־וועלטלעכע באַוועגונגען האָבן ממשיך געווען דאָס נערן די ליבשאַפֿט צום ספֿר, צום בוך. ייִדישע קינדער האָבן אין דער נײַער צײַט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין לערנען אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטן מיט דער זעלביקער תּשוקה ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן געלערנט ש״ס ופּוסקים. דער נײַער דור האָט ממשיך געווען דעם גײַסטיקן אײַנשטעל פֿון די פֿריִערדיקע דורות — פֿאַרערונג צום געדרוקטן וואָרט. בלויז יענע, וואָס האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון דער רעליגיעזער השפּעה און זיי זענען ניט באַווירקט געוואָרן פֿון אונדזערע וועלטלעכע באַוועגונגען, זענען געוואָרן אין גאַנצן אויסגעליידיקט פֿון גײַסטיקע ווערטן. זיי זענען שולדיק אין דער פֿאַרגרעבטקייט, וואָס מען זעט אַזוי אָפֿט אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן.

די אַמאָליקע מוקירי־רבנן, סופֿרים וחכמים, האָבן אין אונדזערע טעג זייער המשך אין אַזעלכע ייִדן ווי ל. מ. שטיין. אונדזער חתן־היובֿל האָט אין דער ייִדישער געשיכטע אַ סך פֿאָרגייערס — מענטשן פֿון גײַסט, וואָס זייער נאַטירלעכער קלימאַט איז געווען די וועלט פֿון כּתבֿי־יד און ספֿרים. ווען ניט די אַמאָליקע ל. מ. שטיינס און זייער מסירת־נפֿש צום געשריבענעם און געדרוקטן וואָרט, וואָלטן מיר אפֿשר פֿון לאַנג שוין געווען אָנגעוווירן דעם טיטל „עם הספֿר“.

אין אונדזערע טעג זענען פֿאַראַן ווינציק, גאָר ווינציק, אַזעלכע חלוצים און גבורים פֿון ייִדישער רוחניותדיקייט. דערפֿאַר איז אונדז אַזוי טײַער ל. מ. שטיין. דערפֿאַר — די גרויסע פֿאַרערונג צו אים.

ער איז אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט, וואָס ציט זיך פֿון תּודוס איש רומי דורך חסדאי איבן שפּרוט ביז ל. מ. שטיין איש שיקאַגאָ.

זאָל ער די גאָלדענע קייט ווײַטער ציִען, ביז 120 יאָר!

# ל. מ. שטיין – דער וועלטלעכער ייִד־מענטש

ד״ר מ. בראָנשטיין (שיקאַגאָ)

די אַרבעטן אין אונדזער הײַנטיקן יובֿל־זשורנאַל זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן פֿון חשובֿע שרײַפֿטשטעלערס, קולטור־טוערס און פּערזענלעכע פֿרײַנד פֿון דעם בעל־היובֿל. דאָס איז אונדזער אַלעמענס קאָלעקטיווע מתּנה לכּבֿוד שטיינס זיבעציקיאָריקן געבוירן־טאָג.

פֿון די ביאָגראַפֿישע נאָטיצן, מעמואַרן און באַגריסונגען אינעם זשורנאַל, וואַקסט אויס פֿאַר אונדזערע אויגן דער אייגנטימלעכער כאַראַקטער פֿון ל. מ. שטיינען. עס שטראַלן פֿון זיי אַרויס די מיצוות מעשׂיות, וואָס דער חשובֿער יובילאַר האָט אָנגעזאַמלט אויף זײַן זיבעציקיאָריקן לעבנסגאַנג. בעיקר וואַקסט אויס פֿאַר אונדזערע אויגן די געשטאַלט פֿון אַ וועלטלעכן ייִד־מענטש.

די ל. מ. שטיין־געשטאַלט, וואָס איז אויסגעקנאָטן געוואָרן אויף די בלעטער פֿון אונדזער הײַנטיקן יובֿל־זשורנאַל, איז אין אמתן זינען פֿון דעם וואָרט סימבאָליש פֿאַר דער ייִדישער פֿאָלקס־אינטעליגענץ, וואָס גלייבט און קלאַמערט זיך אין די יסודות, וואָס די אָבֿות פֿון דעם מאָדערנעם ייִדישן געדאַנק האָבן פֿאַראייגנט לדור דורות.

אָן דעם טיפֿן גלויבן און לײַדנשאַפֿטלעכער באַטייליקונג פֿון דער פֿאָלקס־אינטעליגענץ פֿון דעם ל. מ. שטיין־שניט, וואָלט ניט מעגלעך געווען דער אויפֿבלי פֿון דער וועלטלעכער ייִדישער ליטעראַטור, דערציִונג, וויסנשאַפֿטלעכע און קונסט־אינסטיטוציעס, וואָס זענען אין אונדזערע טעג אין גאָר אַ גרויסער מאָס דער רוקנביין פֿון ייִדישן נאַציאָנאַלן קיום.

# נישט סתּם אַ פֿאַרלעגער

אוריה קאַצענעלנבאָגן (ניו־יאָרק)

פֿונקט מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר צוריק, אין 1928, האָט זיך צערעדט פֿאַר מיר אַ ייִדישער שרײַבער ערגעץ אויף אַ גאַס אין שיקאַגאָ — זיך צערעדט וועגן שטיינען:

— אַ ייִד אַזאַ דער שטיין... גיט מיר — זאָגט ער — עטלעכע עקזעמפּלאַרן פֿון אײַער בוך, איך וועל זיי צעשיקן. גיט שוין נאָך אַ פּאָר. איך וועל אָט אָ אָפּצאָלן פֿאַר מײַנע פֿרײַנד, כ'וועל אויסלייגן...

און אַן „אַפֿידייוויט" האָט דער שרײַבער פֿאַר עמעצן באַדאַרפֿט, האָט שטיין באַלד אַרויסגעוויזן זײַן גרייטקייט. און עטלעכע ענגלישע בריוו האָט דער שרײַבער באַדאַרפֿט אָנשרײַבן, האָט מען עס אין אָפּיס פֿון שטיינען געטאָן. פֿאַר איין גאַנג האָט מען שוין פֿאַרן שרײַבער איבערגעזעצט אַ נייטיקן דאָקומענט. דער שרײַבער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין מיטן טאָג, אָבער מען נעמט אים אויף ווי אַ פּרינץ. מ'האָט אים בלויז געבעטן אָפּוואַרטן; אַ פּאָר מינוט, שטיין זאָל קענען אַרויסגיין מיט אים צוזאַמען עסן, ווײַל ווו ווועט דאָ דער שרײַבער זוכן אַן עספּלאַץ? און מיט אַ טאַקסי האָט ער דעם שרײַבער צוגעפֿירט צום האָטעל.

אַזוי האָט מיר דערציילט אַ ייִדישער שרײַבער, וואָס איז אַרומגעפֿאָרן פֿאַרקויפֿן זײַן בוך, כּדי אָפּצוצאָלן דעם דרוקער און פֿאַרן פּאַפּיר. ער האָט געוואָלט דאָ און דאָרט אָפּראַטעווען אַ ייִדישן שרײַבער פֿון זאָרג און בזיונות בײַם אַרויסגעבן אַ בוך, ברענגען פֿרייד דעם שאַפֿער פֿון אַ ווערק.

שפּעטער האָב איך געהערט אין שיקאַגאָ דערציילן וועגן שטיינס פֿאַרלעגערײַ, וואָס איז געווען כּמעט כּולו היזק. ער האָט מער ביכער צעטיילט אומזיסט, איידער פֿאַרקויפֿט, אַרײַנגעשיקט פֿרײַ אין אַיעדער ביבליאָטעק — זאָל מען נאָר לייענען. און געוווּסט האָט ער פֿון ייִדישע ביבליאָטעקן אין פּוילן, ליטע, לעטלאַנד און רומעניע. אויך אין שטעטלעך פּיטשינקע, ווו מען פֿלעגט ייִדישע ביכלעך צעלייענען אַז זיי פֿלעגן זיך אַזש צעפֿאַלן און די בלעטלעך פֿלעגן זיך צעקרישלען. שיקן נאָך עקזעמפּלאַרן פֿון אַזוינע ווערק איז בײַ אים ממש געווען אַ מיצוות־עשׂה. זיי זײַנען אָבער אָפֿט ניט געווען פֿון זײַן פֿאַרלאַג. ער פֿלעגט דעמאָלט פֿאַרפֿירן אַ קאָרעספּאָנדענץ צו קריגן דעם געפֿאָדערטן לייענשטאָף ווי אַן אומבײַט פֿאַר זײַנע אייגענע אויסגאַבעס און ווען דאָס פֿלעגט אים נישט געלונגען, פֿלעגט ער צאָלן מזומן, אַבי זײַנע „געטרײַע קונדן" צו באַזאָרגן. ער האָט חלילה ניט אָפּגעלייגט, ווײַל אומזיסט.

אין דעם זשורנאַל, ווו די דאָזיקע שורות וועלן זיך דרוקן, וועט אַוודאי זײַן אַ רשימה פֿון שטיינס אַרויסגעגעבענע ביכער. ווי וועגן יעדן פֿאַרלאַג, וועט זיך לאָזן אָפּפֿרעגן, צי האָט ער ניט אַנשטאָט אַזאַ מין ווערק באַדאַרפֿט פֿאַרעפֿנטלעכן עפּעס אַנדערש וואָס. מען וועט אפֿשר אײַנגעפֿינען, אַז ער האָט צו מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך ניט אַזוי צוליב דער תּוכיקייט פֿון אינהאַלט, נאָר ווײַל ער האָט געוואָלט אַ שטויס טאָן אַ שרײַבער צו דער וועלט, ווער רעדט נאָך מיט אַן ערשטן בוך, צי חלילה מיט אַ לעצטן. דאָס פֿאַרמינערט נישט אויף אַ האָר ל. מ. שטיינס אויפֿטוען. פֿאַרקערט: דאָס באַווײַזט בלויז ווי מענטשלעך שטיין איז.

אין 1936 בין איך אַליין געווען בײַ שטיינען — אויך וועגן אַן אַפֿידייוויט. איך האָב בײַ צײַטנס געהאַט באַשלאָסן צו מאַכן עס גיך ווי מיגלעך. שטיין האָט מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר זײַן שותּף, דיקטירט עפּעס דער סטענאָגראַפֿיסטקע וועגן מײַן אַפֿידייוויט־ענין. דערווײַל איז ער, אין געשפּרעך מיט מיר, דערגאַנגען וועגן די שוועריקייטן, וואָס איך האָב מיט מײַנעם אַ בוך, האָט ער עס גענומען אויף זיך.

שטיין איז יענעם פֿרימאָרגן געווען באַזונדערס גוט אויפֿגעלייגט. ער האָט מיט אַ שעה פֿריִער אָפּגעשיקט צוויי פּעקלעך ביכער — איינס קיין ירושלים אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און אַ צווייטס צום ווילנער ייִוואָ. נאָך איז שטיין געווען אויפֿגערוימט, ווײַל אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף קיין שיקאַגאָ קומען אַ פֿאָרשטייער פֿון ייִוואָ. שטיין האָט פֿאַרפֿאַרטיקט נאָטיצן, דערליידיקט אַלע אַרבעטן ווי מיגלעך, ער זאָל קענען אָפּגעבן גאָר זײַן צײַט דער באַלדיקער ייִוואָ־אַקציע. אָבער איידער דער ייִוואָ־שליח באַווײַזט זיך, מוז איך נאָך קומען צו אים אַהיים — טאַקע מאָרגן אָוונט.

זאָל איך דערציילן פֿון דער היימישער פֿרײַנדלעכקייט פֿון זײַן שטוב און שטוביקע? ער ווײַזט מיר אויף אַ מישל אַ ייִוואָ־באַנד, וואָס ער האַלט אין לייענען. דערקענסטו דאָך, ווען עס ליגט סתּם אַ בוך, און ווען דאָס בוך איז איינס מיטן לייענער. ל. מ. שטיין האָט נישט נאָר אַרויסגעגעבן ביכער — ער לייענט אויך...

וויל איך ניט זײַן געגליכן צום ייִשובֿניק, וואָס האָט צו מיר אַ מאָל אין זײַן קרעטשמע געזאָגט, בעת ער האָט געהערט, אַז איך בין אַ ווילנער: „משמעות, אַז דער ווילנער גאָון האָט געקענט לערנען".

זאָל איך זאָגן דאָ, אַז ייִדן זײַנען אַ פֿאָלק פֿון בוך, ווײַל די תּורה — אַ ספֿר — האָט זיי פֿאַר אַ פֿאָלק געפֿורעמט און ווי אַ פֿאָלק אויפֿגעהיט? אָבער זאָגן מוז

(סוף אויף זײַט 65)

# אויף אַ נײַעם וועג

**עזרא קאָרמאַן** (דעטראָיט)

ל. מ. שטיין, וואָס איז געוואָרן אַ בן־שבֿעים, האָט זיך פֿאַרנומען אויף אַ נײַעם וועג — ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ פֿאָלקס־ביבליאָטעק.

קומט אים אַוודאי שטאַרק צו באַגריסן פֿאַר לאָזן זיך אויף אָט דעם וועג, וואָס ניט יעדער אין זײַן עלטער וואָלט זיך אונטערגענומען צו גיין. ער מוז נאָך האָבן, ווײַזט אויס, אַ סך גלויבן און מוט, אויב ער האָט זיך געלאָזט אויף אָט דעם נײַעם וועג.

נאָך אַ לאַנגער צײַט — איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט — פֿון פֿאַראײַנצלטער פֿאַרלאַג־אַרבעט, איז ער געקומען צו אַ נײַעם שינוי־ערכין. דאָס באַדאַרף פֿאַרצייכנט ווערן, ווײַל אפֿשר קאָן דאָס אויך ברענגען צו אַ נײַער ווענדונג אין דער כּלל־פֿאַרלעגערײַ פֿון יידיש אַמעריקע.

איך ווייס נישט, צי דער געדאַנק פֿון אַ פֿאָלקס־ביבליאָטעק געהערט צו ל. מ. שטיינען אַליין, אָדער ס׳האָט אים ווער אינספּירירט צום נײַעם סדר אין זײַן פֿאַרלעגערישער אַרבעט. נאָר סײַ־ווי איז עס אַ וויכטיקע דערשײַנונג. עס איז, דעריבער, כּדאַי אָפּצושטעלן זיך אויף דעם דאָזיקן פֿאַקט אין אונדזער לעבן.

כּידוע, האָבן יידישע פֿאַרלעגער זיך אַרומגעזען די לעצטע יאָרן, אַז די פּרנסה לאָזט זיך אויס און אַז „לא על היידיש בוך לבֿדו יחיה הפֿאַרלעגער״...

גורם געווען דערצו האָבן אַ סך סיבות, און נישט דאָ איז דאָס אָרט אויסצורעכענען דעם גאַנצן צעטל חטאים, אין וועלכע עס האָבן געהאַט אַ חלק נישט נאָר די פֿאַרלעגער, נאָר אויך די „פֿאַרשפּרייטער״ פֿון דעם יידישן בוך (די אַגענטן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג און ווײַט „פֿאַרשפּרייט״ זייער סחורה, ביז זיי האָבן געמאַכט אַ שם־ו״ע סײַ דעם יידישן שרײַבער, סײַ דעם יידישן בוך), די היגע יידישע פּרעסע, און טאַקע אויך דער „קורא נכבד״ בכּבֿודו ובעצמו, וואָס האָט אין משך פֿון דער צײַט אויך זיך אַרויסגענומען און דערנאָך זיך אויסגענומען פֿון דעם כּלל יידיש בוך־לייענער.

ל. מ. שטיין איז נישט געווען קיין פֿאַרלעגער אין געוויינטלעכן זינען פֿון וואָרט. ער איז תּמיד געווען פֿאַראינטערעסירט נישט אַזוי אין דער כּמות פֿון פֿאַרלעגערײַ, אין דער צאָל ביכער, נאָר אין דעם איכות, אין דעם ווערט פֿון דעם איינצלנעם בוך, וואָס ער האָט זיך געקליבן אַרויסצוגעבן, און אים איז ניט שטאַרק אָנגעגאַנגען, צי דאָס בוך וועט „גיין״, זיך פֿאַרשפּרייטן, זיך פֿאַרקויפֿן אאַז״וו.

ער פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעבן איין בוך און אין אים אַרײַנגעטאָן זײַן גאַנצע פֿאַרלעגערישע כּוונה. אַ נײַ בוך איז פֿאַר אים געווען, ווי אַ נײַע אידעע, וואָס דאַרף געבוירן ווערן, און אָט דעם פּראָצעס האָט ער געוואָלט העלפֿן מיט אַלע מעגלעכקייטן.

ער האָט, דעריבער, אַרײַנגעטאָן זײַן גאַנצע איבערגעגעבנקייט אין דער פֿלײַסיקער אַרבעט פֿון העלפֿן דאָס דערשײַנען פֿון בוך, ווי מען העלפֿט דאָס געבוירן ווערן פֿון אַ מענטשן. זײַן כּוונה איז געווען דאָס בוך גופֿא, וואָס באַדאַרף געבוירן ווערן ווי אַ פֿויגל מיט פֿליגלען. און איז עס געקומען אויף דער וועלט חלילה־וחס, אָן פֿליגלען, איז עס ניט געווען די שולד פֿון ל. מ. שטיינען, אַז עס איז געבליבן ליגן, להבֿדיל, ווי אַ שטיין.

אַוודאי האָט ל. מ. שטיין זיך גוט צוגעקוקט צו דעם טאַנץ, וואָס ווערט פֿאַרן לעצטן יאָרצענדלינג אויסגעטאַנצט אַרום דעם יידישן בוך און שרײַבער. ער האָט געזען דעם אַנדערן שינוי־ערכין, ווו ס׳ווערן געטיילט מעדאַלן, עפּאָלעטן און אַקסלבענדער צו יידישע שרײַבער (שוין באַלד בכל תּפֿוצות ישׂראל) און ער האָט, ווי אַנדערע, זיך אַרומגעזען, אַז די מערכה סײַ פֿון דעם שרײַבער און סײַ פֿון דעם בוך איז צוליב דעם גאָרנישט געענדערט געוואָרן.

פֿאַרקערט, ווען דאָס נײַ דערשינענע בוך ווערט דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַ יום־טובֿ, און מען יובֿלט אַרום דעם שרײַבער און מען יובֿלט אַרום דעם בוך, ווי אין אַ יומא דפּגרא — האָט ער דערזען, אַז עס לאָזט זיך אויס דערפֿון נישט קיין אמתער יום־טובֿ, נאָר עפּעס טאַקע אַ יומא דפּגרא אין דעם ווערטערלעכן טײַטש, ווען מען איז יוצא מיטן משׂמח־זײַן און מען איז פּטור פֿון... לייענען.

אמת, מען לייענט איבער די רעצענזיעס וועגן דעם בוך און די שירים ותשבחות וועגן דעם שרײַבער, מען הערט אויך אויס די רעדעס אויף די פֿײַערונגען און באַנקעטן, און שוין — דאָס בוך גופֿא באַדאַרף מען מער נישט האָבן: „חתן (אָדער דאָ — מחותן) פּטור מקריאת שמע״ — דער לייענער באַנוגנט זיך דערמיט, וואָס דער קריטיקער, אָדער דער רעצענזענט, האָט שוין דאָס בוך געלייענט. און, ווי דער מעצענאַט, וואָס גיט די פּרעמיע, צי ער האָט דאָס בוך יאָ, אָדער נישט געלייענט, גיט אויך דער לייענער זײַן הסכּמה און לייענט אויך נישט.

עס איז, דעריבער, אַ בפֿירושער פֿאַרדינסט מצד ל. מ. שטיין, וואָס ער האָט זיך באַשלאָסן אויף דער נײַער אונטערנעמונג, דער „פֿאָלקס־ביבליאָטעק״. ער וויל צונויפֿברענגען דעם נאָך פֿאַראַנענעם לייענער מיטן יידישן בוך. אַ פֿאָלקס־ביבליאָטעק הייסט שאַפֿן אַ בריק צווישן דער ליטעראַטור און דעם לייענער. עס הייסט, אַז ביכער זאָלן אַרויסגיין אָפֿט און רעגלמעסיק און אַז זיי זאָלן געלייענט ווערן אויך אין אַ פּראָסטן וואָכעדיקן טאָג און ניט נאָר אין אַ יומא דפּגרא...

זאָל די „פֿאָלקס־ביבליאָטעק״ האָבן דערפֿאָלג און ל. מ. שטיין זאָל מאריך ימים ושנים זײַן.

# דער ערשטער אײַנדרוק

נ. שמן (טאָראָנטאָ)

דער שיקאַגער פֿאַרלעגער און מעצענאַט ל. מ. שטיין איז ווײַט און ברייט באַקאַנט אויף דער גאַנצער ייִדישער וועלט. באַזונדער ווייסן וועגן אים מענטשן, וואָס שטייען נאָענט צום ייִדישן בוך. ער איז פֿאַר זיי דער פּראָטאָטיפּ פֿון אַן אוהבֿ הספֿרות און אוהבֿ הספֿרים.

נישט אומזיסט האָט די ייִדישע קולטורוועלט באַשלאָסן צו פֿײַערן אויף אַ חשובֿן אופֿן דעם 70יאָריקן יובילײַ פֿון ל. מ. שטיינען. נישט אומזיסט האָט דער שיקאַגער ייִוואָ באַשלאָסן צו פֿאַרצייכענען די דאָזיקע וויכטיקע דאַטע דורך אַרויסגעבן אַ זשורנאַל לכּבֿוד דעם יובילאַר.

ל. מ. שטיין איז איבערגעפֿולט מיט רוח־חיים, ווען נאָר ס'האַנדלט זיך וועגן קולטור־ליטעראַרישע ענינים. מיט רעכט קאָן ער זאָגן: אשרי זקנתנו שלא בישה ילדותנו, ווײַל די עלטער זײַנע פֿאַרשעמט נישט זײַן יוגנטקראַפֿט. ער איז דער סימבאָל פֿון אמתדיקן חובבֿ־ייִדיש־לשון־קודש. ער קומט נישט אָפּ בלויז מיט רייד. ער ווייסט פֿון דעם כּלל, אַז לא המדרש עיקר. ער טוט מעשׂים, דיקטירט פֿון זײַן גוטער, אויפֿריכטיקער, וואַרעמער באַציִונג צום שאַפֿער פֿון אונדזער ליטעראַטור און צו דעם באַרײַכערער פֿון אונדזערע קולטורווערטן.

נישטאָ אין אַמעריקע נאָך איינער, וואָס זאָל זיך אַזוי וואַרעם באַציִען צום ייִדישן שרײַבער און צום ייִדישן קינסטלער. נישטאָ נאָך איינער, וואָס זאָל אַרויסווײַזן אַזוי פֿיל פּיעטעט, אַזוי פֿיל ליבשאַפֿט, אַזוי פֿיל גלויבן און צוטרוי צו דער ייִדישער קונסט.

יאָרן לאַנג ווי איך האָב געגאַרט זיך צו באַקענען מיט ל. מ. שטיינען. מיט אַ דרײַ יאָר צוריק האָב איך ענדלעך געהאַט דאָס גליק און די מעגלעכקייט זיך מיט אים צו באַגעגענען.

מיר זײַנען צוגעפֿאָרן צו אים זאַלבעצווייט, קאָלעגע הרבֿ ד"ר דוד גרויבאַרט און מײַן ווייניקייט. מיר זײַנען איבערראַשט געוואָרן פֿון זײַן באַנעמונג, פֿון זײַן באַציִונג, פֿון זײַן חבֿרשער ברייטהאַרציקייט.

ווען מיר האָבן פֿאַרלאָזט זײַן וווינונג, נאָך אַ דרײַשעהדיקן שמועס, אין אַ פֿרײַמיק נאָך מיטאָג, און זיך גענומען אײַלן צו קבלת־שבת, האָבן מיר ביידע, כּמעט כּהרף־עינדיק, אָנגעהויבן מיטן פּסוק: „אמת... הדבֿר אשר שמעתּי... והנה לא הוגד לי החצי הוספֿת חכמה וטובֿ אל השמועה אשר שמעתּי" (מלכים א, י, 6־7).

זײַן באַציִונג צום ייִדישן בוך איז אַ הייליקע, עס איז בײַ אים אַ רעליגיעזע עבֿודה.

גאָר אַנדערש וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען אין דער ייִדישער אַמעריקע וואָלטן זיך געפֿונען כאָטש ל"ו שטיינס — גאָר אַנדערש וואָלט דעמאָלט אויסגעזען דאָס ייִדישע פֿאַרלאַגוועזן.

ל. מ. שטיין, ווי געזאָגט, איז דער, וואָס טוט, ריידנדיק ווייניק. ער איז דער שטילער בויער, וואָס מער ער אַנטלויפֿט פֿון כּבֿוד און פּירסום, אַלץ מער לויפֿט אים נאָך דער כּבֿוד, און זײַן פּאָפּולאַריטעט האַלט אַלץ אין איין שטײַגן און וואַקסן (כּל הבורח מן הכּבֿוד, הכּבֿוד רודף אחריו).

שטיין איז דער עקשן, וואָס רעכנט זיך נישט מיט די טרוקענע ציפֿערן און הערט זיך נישט צו צום פּעסימיסט, וואָס „ווייסט פֿאָרויס", אַז דער גורל פֿון ייִדיש שאַפֿן איז פֿאַרזיגלט. נאָר אַ דאַנק זײַן עקשנות האָט ער געקאָנט באַווײַזן אין משך פֿון 2 טוץ יאָרן אַרויסצוגעבן עטלעכע צענדליקער ווערק.

און נאָך אַ מעלה שטײַנס: ער איז געבליבן דער אומפּאַרטייִשער אין ברייטערן זינען פֿון וואָרט. ער געהערט נישט צו קיין ריכטונג, צו קיין באַוועגונג־פֿראַקציע — ער געהערט צום גאַנצן ייִדישן פֿאָלק, ווײַל ער איז כּולל אין זיך אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכות צו ייִדישער קולטור און ליטעראַטור.

מײַן ווונטש: לאַנג־לאַנג זאָל ל. מ. שטיין פֿאָרזעצן זײַן קולטור־טעטיקייט מתּוך הרחבֿה און נחת — אַזעלכע שטיינס, כּן ירבו!

---

## נישט סתּם אַ פֿאַרלעגער

אוריה קאַצענעלנבאָגן (ניו־יאָרק)

(סוף פֿון זײַט 63)

מען עס אַיעדן ייִדן. זעסטו אים פֿאַרטאַרעראַמט אין גאַס, צי ברייטלעך צעלייגט אין אַ יאָגנדיקן אויטאָמאָביל. „ר' ייִד — דאַרף מען אים זאָגן — גייט אַהיים און לייגט אויס אײַערע ספֿרים און קריגט צו נאָך, אַז איר זאָלט האָבן גרייט אַרײַנצוקוקן, בעת איר וועט צוריקקומען פֿון אײַער שווערערן, צי גרינגערן טאָג אַרבעט, ווײַל איר זײַט אַ קינד פֿון אײַער פֿאָלק און ייִדן זײַנען אַ פֿאָלק פֿון בוך".

און צו שטיינען זאָג איך:

— מענטש ליבער, איר — און נאָך אַזוינע ווי איר — דאַרפֿט נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן זײַן אַ בײַשפּיל פֿאַר ייִדן פֿון שטעט און שטעטלעך, פֿון שיקאַגאָ ביז ניו־יאָרק און פֿון שיקאַגאָ אַוועק צו לאָס־אַנדזשעלעס און העט צו סאַן־פֿראַנציסקאָ, מיט אײַער איבערגעגעבנקייט און קרבנות־גרייטקייט פֿאַרן ייִדישן בוך.

# אַ ניט־פֿאַרענדיקטער פּאָרטרעט

**נח שטיינבערג** (קליוולאַנד)

טייל מענטשן ווערן געבוירן מיט פֿאַרמאַכטע הענט — וואָס זיי באַרירן האַלטן זיי פֿאַר זיך.

ל. מ. שטיין איז געבוירן געוואָרן מיט אָפֿענע הענט — וואָס ער פֿאַרמאָגט האַלט ער אין איין צעגעבן.

וואָלט שטיין געהאַט אוצרות, וואָלט ער זיי צעטיילט. זײַן גרעסט פֿאַרגעניגן איז אין געבן — — — אַפֿילו אַ גאַנצער מיליאָן וואָלט זיך בײַ אים ניט אײַנגעהאַלטן. ער וואָלט אַרויסגעגעבן קונסט־רעפּראָדוקציעס, אַ קונסטזשורנאַל, אַן ענציקלאָפּעדיע, אַ סך ביכער פֿון ייִדישע שרײַבער אאַז״וו.

שטיין האָט אַ פֿלינק אויג צו דערזען ווו מען נייטיקט זיך. מיט אַ דרײַסיק יאָר צוריק איז געקומען קיין שיקאַגאָ אַ יונגער ייִדישער שרײַבער. ווי אַ גאַסט האָט מען אים אײַנגעלאַדן צו אַ באַנקעט. ווען ס׳איז געקומען צום באַצאָלן פֿאַרן בילעט, האָט שטיין פֿאַרכאַפּט און אויף גיך באַצאָלט. אינטויִטיוו האָט שטיין דערפֿילט, אַז דער יונגער שרײַבער האָט ניט צו באַצאָלן און ער האָט אים אָפּגעראַטעוועט פֿון אַ פֿאַרלעגנהייט.

שטיין איז דער מענטש פֿון גרויסן זשעסט. ער האָט מיט יאָרן צוריק אַרויסגעגעבן אַ באַנד מיט האָלצשניטן פֿון דעם מאָלער טאָדרעס געלער. ווען דאָס בוך איז אַרויס האָט שטיין געגעבן געלערן אַ גרויסע סומע געלט ער זאָל פֿאָרן קיין אייראָפּע.

שטיין האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראַכט־אויסגאַבע פֿון דעם מאָלער עמיל אַרמין, וואָס וווינט אין שיקאַגאָ. דער טעקסט פֿון בוך איז געווען אין ענגליש. האָט שטיין געלאָזט איבערזעצן דעם טעקסט אויף ייִדיש און אויך אַרויסגעגעבן די איבערזעצונג. דאָס בוך איז אין גרויסן פֿאָרמאַט, מיט אַ סך רעפּראָדוקציעס פֿון אַרמינס בילדער און געדרוקט אויף גוט פּאַפּיר.

דאָס צווייטע גרויסע בוך וואָס שטיין האָט אַרויסגעגעבן, איז אַ פּראַכטבאַנד פֿון דעם מאָלער וויליאַם ס. שוואַרץ. דאָס איז איינע פֿון די שענסטע ביכער, מיט אַלערליי בילדער, רעפּראָדוצירט אויף ספּעציעל פּאַפּיר און רײַך געבונדן. און וויפֿל מי און אויסגאַבן האָט ער אַרײַנגעלייגט אין דער אַנטאָלאָגיע פֿון די פֿרויען־דיכטער? מיט וואָס פֿאַר אַ פֿײַנעם געשמאַק דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן! בילדער אויף טײַער פּאַפּיר פֿון יעדער דיכטערין און — ווי פּרעכטיק געבונדן. ס׳איז איינס פֿון די וויכטיקסטע ביכער אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ל. מ. שטיין האָט געדרוקט נאָך אַ צאָל ביכער: פּאָעזיע, דראַמעס, קריטיק, הומאָר — געהאַט פֿון זיי גענוג קאָפּ־דרייעניש און פֿאַרדראָס, און צוגעלייגט שיינע טויזנטער.

פֿאַר די ביכער פֿון די ייִדישע מאָלערס און פֿאַר דער אַנטאָלאָגיע פֿון די פֿרויען־דיכטער וועט מען אים תּמיד דאַנקבאַר זײַן. ער האָט פֿאַרדינט גרויס אָנערקענונג.

שטיין אַרבעט שווער, מיט די אייגענע הענט. ער איז אַ מאָל אויפֿגעוועזן שפּעט אויף אַ באַנקעט, האָט ער צו מאָרגנס זיך געפֿילט מיד און זיך אָפּגעשניטן צוויי פֿינגער מיט אַ שנײַדמאַשין. אַ פּראָפֿעסאָר האָט געוואָלט נעמען לײַב פֿון אַן אַנדערן טייל פֿון גוף און פֿאַרלאַטען די פֿינגער. ער וואָלט געמוזט זײַן אַ חודש צײַט אין שפּיטאָל. אויף זײַן מזל — האָבן די פֿינגער זיך אַזוי גוט פֿאַרהיילט, אַז אַפֿילו די נעגל זענען אָנגעוואַקסן ווי פֿריִער.

ל. מ. שטיין איז דער מענטש פֿון מעשׂים. תּמיד אַקטיוו. אין פֿאַבריק, אויף פֿאַרזאַמלונגען, זאַמלט געלט פֿאַר אַלערליי צוועקן און געפֿינט נאָך צײַט צו ענטפֿערן בריוו.

לויט זײַן פֿאַרנעם האָט שטיין באַדאַרפֿט זײַן אַ קינסטלער. צוליב אויסערלעכע סיבות איז ער דאָס ניט געוואָרן. ער האָט גאָלדענע הענט און וואָס ער מאַכט, איז דורכגעפֿירט מיט אַזאַ פּרעציזקייט און ראַפֿינירטן געשמאַק, אַז ס׳איז נאָענט צו קונסט. ווען ער האָט גענומען אײַנבינדן מײַן קליין בוך צו לויטערקייט, האָט ער אַוועקגעגעבן אַ גאַנצן אָוונט צוצוקלײַבן דאָס ריכטיקע פּאַפּיר פֿאַר די טאָוולען.

ווען דער סקולפּטאָר גליצענשטיין איז אײַנגעשטאַנען בײַ די שטיינס אין הויז און געשאַפֿן דאָרט זײַנע זעלטענע צייכענונגען, האָט שטיין געקויפֿט אַזאַ דרוקמאַשין און גיך געכאַפּט דעם שניט ווי אַזוי אָפּצודרוקן גליצענשטיינס צייכענונגען און „עטשינגס“. שטיין האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין העלפֿן דעם קינסטלער אין זײַן טעכנישער אַרבעט. גליצענשטיין האָט געוווינט בײַ די שטיינס אַ לענגערע צײַט. זיי האָבן אים געהאָלפֿן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. בײַ זיי זענען אַלע מאָל אײַנגעשטאַנען אַלערליי קינסטלער און פּערזענלעכקייטן. שטיינס פֿרוי, סאָניע, נעמט זיי אַלעמען אויף ווי אייגענע.

סאָניע שטיין האָט איר אייגענע וועלט: דעם לייענקרײַז, די שלום־עליכם־שול, אַ ביסל צײַט פֿאַרן באַזאַר, וואָס ווערט געמאַכט פֿאַר דער שול. זי גייט אין ייִדישע קראָמען און בעט זאַכן פֿאַרן באַזאַר. טייל געשעפֿטסלײַט זאָגן איר אָפּ און ניט אויף קיין פֿײַנעם אופֿן, אָבער זי נעמט זיך ניט צום האַרצן, זי גייט ווײַטער און קריגט זאַכן פֿון די, וואָס פֿאַרשטייען ווי נייטיק

עס איז צו געבן קינדער אַ יִדישע דערציִונג. שלעפּט זי וואָכן לאַנג גאַנצע פּעק און העלפֿט, אַז דער באַזאַר זאָל זײַן אַ דערפֿאָלג.

סאָניע שטיין האָט אַן אויסערגעוויינטלעכע באַציִונג צו יִדישע קינסטלער. זי באַנעמט די שוועריקייטן, וואָס זיי האָבן אין אַ וועלט, וואָס איז טעמפּ פֿון גלײַכגילט. זי האָט פֿאַר קונסט און קינסטלער אַ צאַרטע פֿאַרערונג און טוט פֿאַר זיי וואָס נאָר זי קאָן. ווען דער קינסטלער גליצענשטיין און דער שריפֿטשטעלער ב. ריווקין זײַנען בײַ זיי אײַנגעשטאַנען, האָט זי זיי באַהאַנדלט בעסער ווי אַן אייגענע שוועסטער. און אַזוי באַהאַנדלט זי אַלעמען, וואָס טרעטן אַריבער איר שוועל. עס זײַנען דאָ וויניק סאָניעס...

שטיין פֿאַרהאַלט זיך נאָענט מיטן מאָלער וויליאַם ס. שוואַרץ. ווען זיי קומען זיך צונויף הייבט זיך גלײַך אָן אַ הייסער וויכּוח: שוואַרץ קלאָגט אָן די יִדן פֿאַר האָבן אַ שוואַכע באַציִונג צו מאָלערײַ, שטיין פֿאַרטיידיקט די יִדן, גייט איבער אויף אַ הויכער אָקטאַווע און רופֿט אים אין שפּאַס „אַנטיסעמיט”! שוואַרץ האַלט זיך בײַ זײַנס — פֿאַר וואָס קויפֿן זיי ניט קיין בילדער?

שטיין האָט בילדער פֿון אַלערליי יִדישע מאָלער. אַלע ווענט זײַנען געדיכט באַהאָנגען מיט בילדער. ער זאָגט ווי ד״ר קויפֿמאַן, וואָס האָט אויך אַ סך בילדער פֿון יִדישע מאָלער: ווו נעמט מען ווענט אויפֿצוהענגען נאָך בילדער?

שטיין שרײַבט צו ביסלעך און דרוקט אַ מאָל. בײַ אים ליגן אַרבעטן וועגן יִדישע שרײַבער און קולטור־טוער. ער באַקלאָגט זיך, אַז ער האָט ניט קיין צײַט זיי איבערצושרײַבן און אויסצובעסערן. ער לייענט מיר פֿאַר זײַנע אײַנדרוקן וועגן דעם פֿאַרשטאָרבענעם קריטיקער ב. ריווקין. זײַענדיק מיט ריווקינען בײַ זיך אין הויז אַ לענגערע צײַט, האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט אים צו זען פֿון דער נאָענט. אָבער ריווקין איז ניט געווען איינער, נאָר עטלעכע מענטשן צוזאַמען — דער דענקער, דער קריטיקער, דער מיסטיקער און דער ספּיריטואַליסט.

שטיין איז אַ פֿרומער פֿרײַדענקער — ער איז ווײַט פֿון סקעפּטיציזם. די אָנערקענטע יִדישע שרײַבער זײַנען בײַ אים עכטע גדולים — אין זייער גרויסקייט טאָר מען ניט צווייפֿלען. טאָראָס אַפֿאָריזם: „ווען מען זאָל אַנאַליזירן איין מענטשן, ווערט דער גאַנצער אוניווערס באַנקראָט,” וואָלט אים שאָקירט. ליטעראַטור איז בײַ אים אַ ראָמאַנטישע לעגענדע. שטיין איז אין גרונט אַ ראָמאַנטיקער — ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז אַ פּראַקטישער געשעפֿטסמאַן, פֿירט אַ פֿאַבריק, האָט צו טאָן מיט אַרבעטער (זייער אַ רעאַליסטישער ענין...) איז ער אין דער טיף אַ בעל־חלומות. אַ בוך איז בײַ אים אַ פֿאַרכּישופֿטע וועלט. אַ שרײַבער איז אַ נבֿיא. די באַרימטע שרײַבער זײַנען כּהנים־גדולים.

בײַ שטיינען איז קיין מאָל ניט צו שפּעט. ער איז פֿאַרשיכּורט פֿון קולטור, ער שטיצט און אַרבעט אומאויפֿהערלעך פֿאַר אַלץ וואָס איז שעפֿעריש יִדיש. ער איז אַ חסיד פֿון יִדישן וואָרט און פֿון יִדיש אין אַלגעמיין. ער איז פֿאַרהיפּנאָטיזירט דערפֿון און לעבט זיך אויס מיט דעם. דאָס איז זײַן יום־טובֿ, זײַן עקסטאַז. דאָס קומט פֿון דער טיפֿעניש פֿון זײַן איך, ס'איז זײַן פּערזענלעכע רעליגיעזיטעט — זײַן תּפֿילה.

אַפֿילו עס זאָל ניט זײַן קיין ווײַן און קיין חלה אויפֿן טיש — די ליכט מוזן ברענען... יִדן מוזן אייביק מקיים זײַן די מיצווה פֿון ליכט־בענטשן — — — „שבת זאָל זײַן”.

זאָל פֿון דור צו דור אָפּקלינגען דאָס יִדישע וואָרט!

# אַ פֿאַרדינטער יובילעום

**פּראָפֿ׳ משה אַ. שולוואַס** (שיקאַגאָ)

עס איז פֿאַר מיר אַן אמתדיקער זכות צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַגריסן פֿרײַנד ל. מ. שטיינען צו זײַן יובֿל.

שוין בערך פֿיר יאָר ווי איך קען ל. מ. שטיינען, און וואָס לענגער איך קען אים, אַלץ מער זע איך ווי איינציקאַרטיק זײַן פּערזענלעכקייט איז.

פֿאַר אים זײַנען קולטור און ליטעראַטור נישט קיין עסטעטישע ראָם פֿאַר פּערזענלעכן גײַסטיקן צופֿרידן זײַן. זיי זײַנען אין זײַנע אויגן און אין זײַן טיפֿער אמונה דער הייליקער אינהאַלט פֿון זײַן לעבן. ווען ער אַרבעט פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון ליטעראַרישע אָדער קינסטלערישע פּראָיעקטן, פֿילט ער ווי ער „שלעפּט” די משׂא פֿון קולטור, ווי אַלע „ישׂשכרס” האָבן דור־אײַן דור־אויס געשלעפּט די משׂא פֿון דער גײַסטיקער שאַפֿונג פֿון אונדזער פֿאָלק אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען.

איך ווינטש ל. מ. שטיינען אַריכות ימים ושנים, יאָרן אַקטיווע און צופֿרידענע, יאָרן פֿון אַן ערלעך פֿאַרדינטן גײַסטיקן נחת־רוח.

# צו די שטיין־פֿעסטע ייִדן אַ מזמור שיר

אַ. גאָלאָמב (מעקסיקע)

עס ווילט זיך טאַקע צו די ייִדן פֿון אָט דעם מין זינגען און לויבן — אום אני חומה — זיי זײַנען אונדזער פֿעסטונג און אונדזער מויער.

אַ מאָל, אין דער אַלטער היים, איז עס געווען פֿאַר מיר אַ שטיקל לעגענדע: ערגעץ אין דער ווײַטער שיקאַגאָ, וואָס וויל אומעטום זײַן די ערשטע, אַפֿילו אין ענין פֿון גענגסטערס, ערגעץ דאָרטן איז דאָ אַ ייִד, וואָס איז מהדר במיצווה. נישט בלויז אַרויסגעבן ביכער, נאָר טאַקע עס זאָל זײַן בתכלית ההידור. געמיינט — אַ ייִד אַ געמאַך, אַ גיבור, משכמו ומעלה, אַן אַדיר פֿון די אַדירים, אפֿשר פֿון דעם מין פֿון אַ צווייטן שיקאַגער ייִדן, אַ מין יוליוס ראָזענוואַלד. אָבער ס׳איז מיר באַשערט געווען צו זען שפּעטער אָט דעם ייִדן. צום באַדויערן בלויז אַ פּאָר מינוט: אײדער ער איז געפֿאָרן ערגעץ לשם רפֿואה.

געזען: עס איז אַ ליגן דאָס רוסישע ווערטל „אין אַ געזונטן גוף — אַ געזונטע נשמה". הייבט זיך גאָרנישט אָן! אָך און וויי איז צו זיי מיט זייער שטאַרקן, פֿעסטן גוף!

אַ סך אמתער איז אונדזער ווערטל: לא בחיל כי אם ברוח. אָט אַזאַ האָב איך געזען אין איינעם אַן אָוונט טאַקע אין שיקאַגאָ גופֿא דעם חתן־היובֿל, ווען ער איז געקומען אויף אַ ווײַל זען מיך, אײדער ער האָט זיך ערגעץ געאײַלט — אַ שטילער, אַ שוואַכער, אַ באַשיידענער. לא ברעש, קול דממה דקהדיק. און אַן עקשן! אָט די ייִדישע עקשנות!

געבענטשט זאָל זי אונדז זײַן מעתה ועד עולם! אמן. עם קשה עורף — הלוואַי תמיד! און אַ בעל־חלומות, דוכט זיך. אָט די בעלי־חלומות־עקשנים האָבן אונדז געבראַכט און דערבראַכט און נאָר אַ דאַנק זיי האָבן מיר, וואָס מיר פֿאַרמאָגן.

זאָלן זיי זײַן געבענטשט און געגריסט, זאָלן די ברכות פֿון דעם ייִדישן גאָט אונדזערן קומען אויף אָט די ייִדן מיט די נשמות שטאַרקער פֿון פֿעלדזן. נישט אומזיסט איז צור אַ פֿעלדז און צור — באַשעפֿער.

לעבן זאָלן אונדזערע פֿעלדזיקע ייִדן, אונדזערע ייִדן־דעמבעס! אָמן.

---

# ל. מ. שטיין — צו זײַן 70סטן געבוירן־טאָג

מ. וואַסער (ניו־יאָרק)

צווישן די ייִדישע קולטור־טוערס פֿאַרנעמט ל. מ. שטיין אַ באַזונדערן אָרט.

ל. מ. שטיין איז בטבֿע אַ יושבֿ־אוהל — פֿון שיקאַגאָ פֿאָרט ער זעלטן אַרויס. זײַן אַרבעט טוט ער דאָרטן שטיל, אָן טומל. אָבער דער נאָמען ל. מ. שטיין און זײַן איבערגעגעבענע טעטיקייט לטובֿת דעם ייִדישן בוך זײַנען שוין זינט צענדליגער יאָרן באַקאַנט אומעטום אין די ייִדישע תּפֿוצות, צווישן די קולטור־טוערס און פֿרײַנד פֿון ייִדישן בוך.

איינער פֿון ל. מ. שטיינס לעצטע אויפֿטוען דאַרף באַזונדער אונטערגעשטראָכן ווערן. דאָס איז די שאַפֿונג פֿון דער „ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק בײַם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס". די אידעע אַרויסצוגעבן געקליבענע ווערק פֿון ייִדישע שרײַבערס, פֿון יעדן מחבר איין בוך, געהערט טאַקע צו ל. מ. שטיינען גופֿא. ער אַליין האָט פֿון זײַנע מיטלען געשאַפֿן דעם מאַטעריעלן יסוד פֿון דער „ביבליאָטעק". עס איז געווען אַ גליקלעכער אײַנפֿאַל, וואָס ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיטן קולטור־קאָנגרעס, וועלכער האָט איבערגענומען די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן פֿיר ביכער אַ יאָר. די „ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק" איז געוואָרן איינע פֿון די וויכטיקסטע טעטיקייטן פֿון קולטור־קאָנגרעס.

ל. מ. שטיין באַטראַכט מיט רעכט די „ביבליאָטעק" ווי זײַן וויכטיקסטן אויפֿטו — ווי אַ בײַשפּיל וואָס דער דעצידירטער ווילן און איבערגעגעבנקייט פֿון אַ יחיד קאָן אויפֿטאָן לטובֿת דער ייִדישער קולטור.

עס דאַרף פֿאַרצייכנט ווערן דער אומאויפֿהערלעכער וואַרעמער אינטערעס, וואָס ל. מ. שטיין ווײַזט אַרויס בײַם רעאַליזירן דעם פּלאַן פֿון דער „ביבליאָטעק". ער אינטערעסירט זיך מיט אַלע פּרטים פֿון דער אַרבעט. זײַן פֿיליאָריקע דערפֿאַרונג העלפֿט אַוועקצושטעלן די „ביבליאָטעק" אויף געזונטע יסודות.

עס איז דעריבער אַן אמתער פֿאַרגעניגן צו באַגריסן ל. מ. שטיינען צו זײַן 70יאָריקן געבוירן־טאָג און פֿון גאַנצן האַרצן אים צו ווינטשן נאָך לאַנגע און געזונטע יאָרן און דערפֿאָלג אין זײַן איבערגעגעבענער טעטיקייט לטובֿת דער ייִדישער קולטור בכלל און דעם ייִדישן בוך בפֿרט.

# אַ יחיד במינו

נפֿתּלי קראַוועץ (שיקאַגאָ)

אין שיקאַגאָ, און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן בכלל, איז ל. מ. שטיין אַ יחיד במינו. ניטאָ זײַנס גלײַכן אין יחס צו קולטור־אַרבעט בכלל, אין יחס צום ייִדישן שרײַבער און בוך בפֿרט. דער קשר צווישן אים און ייִדישן וואָרט איז נישט נאָר אַ קשר של קימא, באַשטעטיקט דורך קרובֿ 30 יאָר אַרבעט, נאָר ס'גלוסט זיך מיר זאָגן — אַ נ אַ ט י ר ל ע כ ע פֿאַרבינדונג, אַ שלא־על־מנת־לקבל־פּרס־פֿאַרבינדונג, אָט ווי דער יחס פֿון אַ געטרײַען פֿאָטער צו זײַנע קינדער.

ער דאַרף אײַך ניט קענען פּערזענלעך, ער מוז אײַך ניט האָבן אויסגעשטרעקט אַ האַנט אויפֿן יסוד פֿון עמעצנס אַ רעקאָמענדאַציע אָדער גוטזאָגונג. אויב איר האָט נאָר אַ וועלכע ס'איז נגיעה צום ייִדישן וואָרט זענט איר זײַנער אַ מענטש, אַ פֿרײַנד, אַ נשמה־קרובֿ, און איר קאָנט צו אים קומען ווי צו אַן אייגענעם, וואָס וואַרט אויף אײַך, מוכן ומזומן אײַך צו דינען.

ניט לאַנג צוריק איז געשטאָרבן אין שיקאַגאָ אַ ייִדישער שרײַבער, וועלכער האָט אַרײַנגעלייגט זײַנע לעצטע פּרוטות אין אַרויסגעבן אַ בוך. דער זאַץ איז שוין געווען גרייט, בלויז די זײַטלעך האָבן געדאַרפֿט געבראָכן ווערן. דער דרוקער האָט שוין געהאַלטן בײַם שמעלצן דעם מעטאַל און פּטור ווערן פֿון בוך. די אַרבעט פֿון שרײַבער, אויך זײַנע שווער פֿאַרהאָרעוועטע עטלעכע הונדערט דאָלאַר וואָלטן געגאַנגען לאיבוד. קיינער האָט זיך ניט גענומען צום האַרצן. דער איינציקער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מנוחה, אַזוי גיך ווי ער האָט זיך דערוווּסט פֿון דעם, איז געווען ל. מ. שטיין. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין זײַן פֿענצטער און אים געלאָזט וויסן, איז ער געוואָרן אַקטיוו, טעלעפֿאָנירט און גערופֿן, און טאַקע באַלד אַליין זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, געהייסן דעם דרוקער זיך נעמען צו דער אַרבעט. ער האָט באַלד געפֿונען עטלעכע פֿאַראינטערעסירטע מענטשן (ווו זײַנען זיי געווען פֿריִער ?) און דאָס בוך איז טאַקע אַרויס.

ל. מ. שטיין איז ניט אַזאַ ייִד וואָס ווערט אַנטוישט, ווען דער אָפּרוף מצד דער געזעלשאַפֿט איז ניט אַזאַ ווי ער האָט געדאַרפֿט זײַן. ראשית וקודם־כּל איז ער אַן איש המעשׂה, אַ פּראַקטישער מענטש, וועלכער ווייסט אין פֿאָרויס די חסרונות פֿון מענטשן, די פֿעלערן פֿון דער געזעלשאַפֿט און די אַלגעמיינע צרהדיקע קולטור־לאַגע בײַ ייִדן. אַדרבא ואַדרבא, ווען עס טוט זיך אַ ריר אַ נערוו ערגעץ ווו, ווען דער אָדער יענער העלפֿט אַרויס, מאַכט ער אַ ברכה „שהחיינו" און אַ גוטמוטיקער שמייכל באַווײַזט זיך אויף זײַנע ליפּן. אויב אַזוי, הייסט עס, איז דאָך ניט אַזוי שלעכט. טאָ דאַרף מען נאָך מער טאָן, אַרײַנלייגן מי און ענערגיע אין ווײַטערדיקער אַרבעט.

וחוץ לזה, טוט דאָך ניט ל. מ. שטיין זײַן אַרבעט לשם עמעצן אָדער לשם עפּעס. ניט ער זוכט כּבֿוד, ניט ער פֿאַרלאַנגט אַ דאַנק פֿון עמעצן. פּשוט אין דער בחינה פֿון „שׂכר מצוה — מצוה". עס איז דער תּענוג פֿון טאָן, דער געניוס פֿון מעשׂים־

(סוף אויף זײַט 70)

# ער איז אַן אינספּיראַציע פֿאַר פֿיל אַנדערע

חנה (סיגל) אַלטשול (שיקאַגאָ)

צום 70סטן יובֿל פֿון ל. מ. שטיין, מײַן נאָענטן פֿרײַנד און חבֿר, ווילט זיך מיר דערציילן וועגן מײַן באַגעגעניש מיט אָט דעם זעלטענעם מענטש און איבערגעגעבענעם ליבהאָבער פֿון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור.

איך האָב ל. מ. שטיינען באַגעגנט, ווען די ייִדישע פֿרויען־לייענקרײַזן האָבן זיך געגרינדעט אין שיקאַגאָ מיט 25 יאָר צוריק. איך האָב זיך איין מאָל באַקלאָגט פֿאַר אים וועגן דעם ווי שווער עס איז אונדזער וועג צו שאַפֿן אַ נעץ לייענקרײַזן אויף אונדזער גלײַכגילטיקער ייִדישער גאַס. איך האָב געזוכט דערמוטיקונג, און גראָד די, וואָס האָבן געדאַרפֿט זײַן צום נאָענטסטן צו דער אַרבעט, האָבן געקוקט מיט ביטול אויף דעם.

ל. מ. שטיין איז געווען אַן אויסנאַם : מיט זײַנע גוטע חבֿרישע מידות איז ער געווען אַ זײַל פֿון דערמוטיקונג פֿאַר מיר — ער איז אַלע מאָל געווען גרייט מיט ראַט און טאַט. זײַן האַרציקע איבערגעגעבנקייט האָט מיר און אונדז אַלעמען געגעבן דעם כּוח אָנצוגיין מיט דער אַרבעט.

ל. מ. שטיין האָט קאָלאָסאַלע פֿאַרדינסטן פֿאַר אונדזער ייִדישן קולטור־לעבן אין שיקאַגאָ.

איך וויל ווינטשן מײַן ליבן פֿ׳ ל. מ. שטיין צו זײַן 70סטן געבוירן־טאָג נאָך אַ סך יאָרן פֿון טעטיקייט אויף די געביטן, וועלכע זײַנען אים ליב. ער איז אַן אינספּיראַציע פֿאַר מיר און פֿאַר אַ סך אַנדערע.

איך האָף נאָך צו האָבן אַ סך יאָרן דאָס גליק און די פֿרייד צוזאַמען צו אַרבעטן מיט אים.

# צו מײַן פֿרײַנד ל. מ. שטיין

**פּעסי הערשפֿעלד־פּאָמעראַנץ** (ניו־יאָרק)

אַ גאַר באַזונדערע נאָענטקייט פֿיל איך צום יובילאַר ל. מ. שטיין, ווען ס'דערוועקן זיך אין מיר זכרונות וועגן מײַן ערשטער לידער־זאַמלונג „קאַרעלן“, שיקאַגאָ, 1926.

ל. מ. שטיין האָט צו יענער צײַט דעביוטירט מיט גרויס דערפֿאַרונג ווי אַ פֿאַרלעגער פֿון מײַן ערשטן בוך לידער, וואָס דער דאַמאָלסדיקער שיקאַגער פֿרויען־קונסטקלוב האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן.

אָט מיט דער ערשטער אויסגאַבע זײַנער, „קאַרעלן“, האָט זיך ל. מ. שטיין אַנטפּלעקט פֿאַר דער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט, ווי אַ גרויסער מפֿונק, ווי אַ ליבהאָבער פֿון קונסט און ליטעראַטור.

אין 1933 גיט ל. מ. שטיין אַרויס מײַן קליינע זאַמלונג „געקליבענע לידער“, וואָס איז מיר צוגעטראָגן געוואָרן ווי אַ סיורפּריז דורך מײַן מאַן י. ח. פּאָמעראַנץ צום געבורט פֿון אונדזער צווייט קינד — פֿריידעלע.

אָט די קליינע זאַמלונג (אין גאַנצן צען לידער) איז אַזוי קינסטלעריש אַרויסגעגעבן, אַז ווען מען וואָלט בײַ אונדז פּרעמירט אַרויסגעבערס פֿון ביכער, וואָלט ל. מ. שטיין זיכער באַקומען אַ פּרעמיע.

סוף 1939 גייט אַרויס מײַן דריטע זאַמלונג לידער, „רויטער טוי“, אַ דאַנק דעם זעלבן פֿאַרלאַג פֿון ל. מ. שטיין.

עס ליגן בײַ מיר אַ סך בריוו פֿון שרײַבערס און לייענערס, וועלכע האָבן אויסגעדריקט זייער באַגײַסטערונג פֿאַר דער עסטעטישקייט, וואָס ל. מ. שטיין האָט אַרײַנגעבראַכט אין די אויבן דערמאָנטע אויסגאַבעס.

לעצטן יאַנואַר, בעת מײַן באַזוך אין שיקאַגאָ, האָב איך בײַ אַ ייִוואָ־אָוונט זיך געטראָפֿן מיט ל. מ. שטיינען. שמועסנדיק וועגן ביכער, האָט ער מיט טרערן אין די אויגן באַמערקט, אַז צווישן אַלע זײַנע אויסגאַבעס פֿילט ער אַ באַזונדער צערטלעכקייט צו דער ערשטער אויסגאַבע „קאַרעלן“. אויך מיר האָבן טרערן זיך באַוויזן אין די אויגן, ווען כ'האָב זיך דערמאָנט אין יענע ערשטע יאָרן פֿון חלומות און שאַפֿונגען, פֿון יוגנט און האָפֿענונג.

און איצט צו דעם 70יאָריקן יובֿל פֿון ל. מ. שטיין באַגריס איך מײַן לאַנגיאָריקן פֿרײַנד, דעם ענטוזיאַסט פֿאַר קינסטלערישע ווערטן אין אונדזער ייִדיש קולטור־לעבן. עס זאָל זיך פֿון אים ניט אָפּטאָן אויך אויף ווײַטער די באַגײַסטערונג און דער ווילן פֿאָרצוזעצן זײַנע וויכטיקע קולטוראויפֿטוען.

אים, זײַן ליבער פֿרוי סאָניען, און זײַן משפּחה — לאַנגע יאָרן פֿון געזונט און פֿרייד אין אַ רויִקער וועלט.

# אַ יחיד במינו

**נפֿתּלי קראַוועץ** (שיקאַגאָ)

(סוף פֿון זײַט 69)

טובֿים, וואָס אינספּירירט אים; די פֿרייד, וואָס באַגלייט אַ שיינע טאַט; יענע שׂמחה וואָס דאַרף ניט אָנקומען צו ליכט פֿון דרויסן.

ל. מ. שטיין איז אָפּט אַ ניין־זאָגער. זײַן „ניין“ שליסט אויס איבעריקע, ניט־נייטיקע זאַכן, ווי כּבֿוד, באַרימערײַ, קהלשע קליאַמקע־פּאָליטיק וכדומה. אַפֿילו אַ בריוול, וואָס ווערט אַרויסגעשיקט אונטער זײַן נאָמען, מוז זײַן ריין, געלײַטערט, זויבער. ער האָט פֿײַנט בתּכלית השׂנאה די אָנגעבלאָזענע פֿראַזע, דעם פֿאַלשן אָנשטעל און די נבֿזהדיקע חניפֿה. און ער דערקענט באַלד ווער איז ווער און וואָס איז וואָס. זעלטענע מידות־טובֿות האָט ל. מ. שטיין, די מידות־טובֿות פֿונעם פֿײַנערן ייִד און זויבערן קולטורמענטש. אים קאָנט איר ניט פֿאַרקויפֿן אַ זאַק מיט גוטע ווערטער און פֿראַזעס. ער לאָזט זיך באַלד אַרונטער צום סאַמע דנאָ און געפֿינט אויס וואָס איז ניט־ערנצט. ווי מען שטעכט אויס אַ פּענכער, אַזוי רײַסט ער אויף דעם אָנשטעל און גייט זיך זײַן אייגענעם וועג.

זײַן גײַסטיקע זויבערקייט איז אַ שם־דבֿרדיקע. האָט איר אַ מאָל געכאַפּט אַ קוק אויף זײַנס אַ בריוול? ראשית, דער פּאַפּיר: ריין, זויבער; והשנית, די אותיותלעך: קליינע, געשליפֿענע, די ווערטער — געקליבענע. אַפֿילו דער קאָנווערט איז אַ שטיינישער, וואָלט איך געזאָגט. דער ריח פֿון קולטורמענטש גייט אויף פֿון יעדן פּרט.

ווען ער דערציילט אײַך וועגן זײַנע מקרי־הזמן — וואָס עס איז פֿאַרלאָפֿן אין זײַן לעבן — איז דאָס דערציילטע געלײַטערט; יעדער וואָרט אין זײַן פּלאַץ. אַוודאי שפּילט זײַן פּערזענלעכקייט אַ ראָלע אין דער מעשׂה, אָבער ניט לשם־עצמה, כּדי זיך גופֿא אַרויסצוהייבן, נאָר ווי אַן אילוסטראַציע, אַ בײַשפּיל.

קורץ: ל. מ. שטיין איז באמת אַ יחיד במינו. ער פֿאַרדינט כּשר אַלע אונדזערע ברכות, וואָס מיר ווינטשן אים מלבֿ־ונפֿש.

# „אַנקל שטיין"

מ. אַ. ליפשולץ (שיקאַגאָ)

ווי אַ מענטש, וואָס קען ל. מ. שמיינען דאָס גאַנצע לעבן, פֿיל איך זיך גליקלעך, וואָס זײַן 70סטער געבוירן־טאָג איז געוואָרן אַן ענין פֿון נאַציאָנאַלער באַדײַטונג.

מײַנע ערשטע דערינערונגען וועגן „אָנקל שטײן" זײַנען ווי וועגן אַ מענטש, וואָס איז זייער שטאַרק פֿאַרנומען. זײַנע פּריוואַטע געשעפֿטן פֿון איין זײַט און זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרפֿליכטונגען פֿון דער צווייטער זײַט; זײַנע אַלגעמיינע מעשׂים טובֿים פֿון איין זײַט און זײַנע קולטור־מעטיקייטן פֿון דער צווייטער זײַט האָבן אים געהאַלטן „ביזי" טאָג און נאַכט.

אין מײַנע יינגלשע יאָרן האָב איך אַזוי אַרום געטראַכט וועגן „אָנקל שטײן" ווי וועגן אַ סתם פֿאַרנומענעם מענטש. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אים געקענט ווי אַן אינטעליגענטן, פֿאַרמעגנעם ביזנעסמאַן אויף וועמענס יוסטע, באַזאַכטע עצות מען קען זיך פֿולשטענדיק פֿאַרלאָזן. אין משך פֿון די לעצטע יאָרן האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וויפֿל אָנשטרענגונג און ענערגיע דער דאָזיקער מענטש האָט געדאַרפֿט אָננווענדן זײַן גאַנץ לעבן, כּדי צו רעאַליזירן אַ טייל פֿון די אידעאַלן, וואָס זײַנען אים אײַנגעבאַקן אין האַרצן.

ווי אַ וואָגיקע פּערזענלעכקייט האָט ער טיף געגלייבט אינעם פֿאָרשריט און אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער קולטור. ווי אַ דינאַמישער מענטש, האָט ער נישט געקאַרגט קיין צײַט און געלט לטובֿת די צוועקן, וואָס זײַנען אים געווען נאָענט.

זײַנע אויפֿטוען זײַנען באַקאַנט אומעטום, ווו עס געפֿינען זיך יידן.

איך בין גליקלעך צו הערן, אַז עס פֿעלן נישט קיין מענטשן, וואָס אָנערקענען ל. מ. שטיינס אויפֿטוען און באַערן אים דערפֿאַר מיט אַ ספּעציעלער פֿײַערונג לכּבֿוד זײַן 70יאָריקן געבוירן־טאָג.

---

## ל. מ. שטיין האָט זײַנע יאָרן נישט פֿאַרשלאָפֿן

פֿישל בימקאָ (ניו־יאָרק)

ס'איז איצט געוואָרן אַ מאָדע, אַז ס'קומט צו 50, 60, 70 יאָר — ווען מען פֿרייט זיך מיט אַ מענטש, אַז ער האָט דערגרייכט אַזאַ עלטער — וויל מען אים נישט מאַכן קיין שווער האַרץ און מען שרײַבט:

— 70 יאָר „יונג".

ס'אַ פֿאַלש חנדעלע.

ס'זעט אויס ווי מען וויל זיך דאָ אָפּנאַרן, מאַכן אַ טעות אין חשבון.

וואָס איז אייגנטלעך די גדולה מיט די 60 אָדער 70 יאָר? וואָס איז דער יום־טובֿ?

אַ שטיקל חשבון־הנפֿש: האָסט אָפּגעלעבט אַזוי פֿיל יאָרן און וואָס האָסטו צו ווײַזן?

האָסט אויפֿגעגעסן אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל הינער, גענדז, צי גאָר אָקסן מיט קעלבער? האָסט אויסגעטרונקען אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל פֿעסער ביר?

איז וואָס? אַ בהמה איז אויך עוסק אין דער אַכילה.

אַז אַ מענטש לעבט אָפּ זיבעציק יאָר און ער קוקט זיך אום אויף דעם לאַנגן וועג, וואָס ער איז אָפּגעגאַנגען — דאַרף ער עפּעס קאָנען זען...

און ווען אַזאַ איינער איז אָפּגעקומען מיט שהי־פּהי, זוכט מען אים אויפֿצומונטערן:

— ביסט ערשט זיבעציק יאָר „יונג"... קאָנסט נאָך צענעמען די הענט...

אָבער ל. מ. שטיינען דאַרף מען נישט אָפּנאַרן, נישט מונטערן. מען מעג בײַ אים אויפֿשרײַבן 70 יאָר — אַלט.

ער האָט זײַנע יאָרן נישט פֿאַרשלאָפֿן.

ער האָט אויף וואָס צו קוקן.

די אַלע ביכער, וואָס זײַנען דורך אים אַרויס, לײַכטן אַרויס פֿון זײַנע יאָרן, ווי בריליאַנטן. זיי באַשײַנען זײַנע זיבעציק יאָר.

ווען נישט ל. מ. שטיין וואָלטן די ביכער נישט אַרויס.

ל. מ. שטיין איז זיבעציק יאָר אַלט — עס איז אַ שיינער עלטער, אַ ליכטיקער און אַ בכּבֿודיקער.

ער האָט זיך אויף וואָס אָנצושפּאַרן.

און ס'בלײַבט אים צו ווינטשן מיט דער יידישער ברכה: ביז הונדערט און צוואַנציק.

# דער בוים וואָס שטאַמט פֿון עץ־הדעת

**ה. רויזענבלאַט** (לאָס־אַנדזשעלעס)

אין פֿרילינג פֿרי. אַ רעגן גייט
און בענטשט די האַנט, וואָס האָט פֿאַרזייט
די זריעה־קערנער אין דער ערד —
דאָס ג׳רעטעניש פֿון גאָט באַשערט.

געבענטשט זאָל זײַן דאָס אויג, וואָס היט
די זאַנג וואָס גרינט, דעם בוים וואָס בליט; —
דעם אָדם־מענטש, וואָס האָט פֿאַרזוכט
פֿון עץ־הדעת די ערשטע פֿרוכט.

**דער מענטש איז דאָ!** ווי גאָט איז וואָר! —
דער למד־וואָווניק אין זײַן דור —
ער אַקערט, זייט, ער שנײַדט און דרעשט:
— אַ מעסטל זיך, דער וועלט דאָס רעשט...

אָ בענטש דעם למד־וואָווניק, בענטש!
ער איז דאָס גראָז, דער בוים, דער מענטש;
ער איז דער נכנע און די קרוין;
ער איז די עובֿדא און דער לוין...

האָט ער, דער מענטש, געזען אין טרוים:
בײַם פֿענצטער בליט אַן עפּלבוים.
די צווײַגן גרין ווי עמעראָלד,
די בלעטער — בראָנדז, דער עפּל — גאָלד.

האָט ער געזאָגט: — אָ, גאָט מײַן האַר!
עס וויינט פֿון בוים אַרויס דער צער:
— פֿאַר וואָס האָסטו מיר נישט באַשערט
די פֿרוכט, וואָס שמעקט מיט שוויס און ערד?!

האָט גאָט, דער האַר, צו אים גענענט
און איבער אים פֿאַרשפּרייט די הענט:
— בן־אָדם, וואָס איז דײַן באַגער?
האָט ער געזאָגט: — איך וויל נישט מער, —

ווי בלויז אַן איין־און־איינציק וואָרט,
אַזאַ, וואָס מיר זאָל זײַן פֿאַרשפּאָרט
צו רעדן האָפֿערדיק... נאָר שטיל,
בנעימות בעטן וואָס איך וויל...

אַ וואָרט, וואָס כּישופֿט און באַשווערט,
אַז גאָלד זאָל ווערן גראָז און ערד;
מײַן ליפּ — נעם לערן אויס דעם שפּרוך,
וואָס זאָל פֿאַרוואַנדלען אין אַ בוך

אָט דעם אָ בוים, וואָס בליט אין גאָס —
דען ער — ער שטאַמט פֿון עץ־הדעת!
און ס׳האָט דער מענטש געזען: עס שטייט
דער עפּלבוים פֿון טוי פֿאַרשנייט...

און רעגנט אויפֿן גרינעם גראָז —
אַ טראָפּן טוי... אַ בליציק אות...
דער טוי איז בלוי, דאָס אות איז שוואַרץ:
אַ רמז אויף אַ מענטשלעך האַרץ...

ער שאַרט די אותיותלעך צונויף
און ציט זיי איינס נאָך איינס אַרויף
אויף אַ לבֿנהדיקן שטראַל —
אַ שטילע תּפֿילה — גשם... טל...

ס׳איז פֿרילינג־פֿרי. אַ רעגן גייט
און בענטשט די האַנט, וואָס האָט פֿאַרזייט
די זריעה־קערנער אין דער ערד —
דאָס גערעטעניש, וואָס גאָט באַשערט...



# צום 70סטיעריקן יובֿל פֿון ל. מ. שטיין

יעקבֿ לעווין (ניו־יאָרק)

פֿאַראַן מענטשן, וואָס איר קענט נישט אַנדערש ווי ליב האָבן. דאָס זײַנען מענטשן, וואָס זײַנען לויט זייער נאַטור פֿײַן און קאָנען נישט טאָן קיין זאַך, וואָס זאָל אַנדערע מענטשן שעדיקן אָדער וויי טאָן. אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי אַ טיפֿן אינעווייניקסטן דראַנג צו טאָן עפּעס פֿאַר אַנדערע — צי די אַנדערע זײַנען יחידים, צי די גאַנצע געזעלשאַפֿט.

אַזאַ מענטש איז ל. מ. שטיין.

עס דוכט זיך, אַז אַט דער מענטש איז געבענטשט מיט אַ גאַנצן ים ליבע צו מענטשן. עס וואָלט זיך געוואָלט וויסן, ווי אַט דער מענטש פֿילט, ווען ער גייט שלאָפֿן נאָך אַ טאָג, ווען עס האָט זיך ניט געמאַכט צו טאָן עפּעס גוטס. איך בין זיכער, אַז ער פֿילט זיך דעמאָלט גאָרניט גוט און ער וועט שוין דעם צווייטן טאָג זוכן צו טאָן עפּעס נוצלעכס און גוטס פֿאַר ביידע טעג.

ווען איר קומט קיין שיקאַגאָ פֿאַר אַ וועלכן עס איז געזעלשאַפֿטלעכן צוועק, איז ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז פֿון די ערשטע זאָלט איר זיך ווענדן צו ל. מ. שטיינען. ער וואָלט זיך גאָר באַליידיקט, ווען איר קומט ניט צו אים און בעט ניט. אָדער ריכטיקער — פֿאָדערט ניט פֿון אים, ער זאָל אײַך אַרויסהעלפֿן. און ווען איר בעט, איז זײַן צײַט און זײַן ענערגיע און זײַן הויז אָפֿן פֿאַר אײַך. אַ מאָל וווּנדערט איר זיך: ווי קאָן אַ מענטש אַוועקגעבן אַזוי פֿיל צײַט? ווי קאָן ער אַזוי פֿאַרנאַכלעסיקן זײַנע אייגענע געשעפֿטן?

אָבער באַזונדער וויכטיק איז זײַן סבֿר פּנים יפֿות. ניט נאָר גיט ער אײַך זײַן צײַט, מי און געלט, נאָר ער גיט דאָס מיט אַזאַ פֿײַנקייט. קיין שפּור פֿון פֿאַרדראָס, פֿון זויערקייט אויפֿן פּנים. פֿאַרקערט: ער באַגעגנט אײַך מיט אַ שמייכל, מיט צופֿרידנקייט, אַזוי ווי ער וואָלט אײַך געזאָגט: איך טו אײַך גאָרניט קיין טובֿה — דאָס טוט איר מיר אַ טובֿה, וואָס איר גיט מיר אַ געלעגנהייט צו זײַן דאָס וואָס איך בין, וואָס איך וויל זײַן.

איך ווייס, אַז אָפֿט מאָל מיסברויכן מענטשן מיט אָט דעם וווּנדערלעכן שטריך אין דעם כאַראַקטער פֿון ל. מ. שטיינען און זײַן באַציִונג צו מענטשן און צו געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, נאָר ער אַליין מאַכט זיך ניט ווייסנדיק — אים געפֿעלט עס.

אָבער נישט בלויז אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער און אַ פֿײַן־פֿײַנער מענטש איז ל. מ. שטיין. ער איז אַ מענטש דורכויס אַ ייִדישער און מיט אַ ברייטן פֿאַרנעם דערצו.

זײַן פֿאָרשלאָג צום קולטור־קאָנגרעס וועגן אַרויסגעבן געזאַמלטע שריפֿטן פֿון ייִדישע שרײַבערס באַווײַזט, אַז ער האָט טיף באַנומען די נויט פֿון דער צײַט, די נויט פֿון דער ייִדישער קולטור אין דער איצטיקער צײַט און אין דער איצטיקער לאַגע אין אַמעריקע.

דער ייִדישער לייענער אין אַמעריקע דאַרף איצט ניט קיין פֿולע אויסגאַבע פֿון מענדעלען, שלום־עליכמען, פּרצן, אַשן, רייזענען א״א. ערשטנס ,קאָן גאָר קיינער זיך נים אַוועקזעצן דורכלייענען אַ שרײַבער פֿון טאָוול ביז טאָוול (סײַדן ער איז אַ סטודענט פֿון ליטעראַטור). צווייטנס, איז ניט אַלץ, וואָס אַ שרײַבער — אַפֿילו דער בעסטער, אַפֿילו אַ קלאַסיקער — האָט אָנגעשריבן אַ מוזזאַך צום לייענען: אַ גוטער שרײַבער שרײַבט אויך אַ מאָל אָן מיטלמעסיקע און אַפֿילו שלעכטע זאַכן. איז פֿאַר וואָס מוז מען דאָס לייענען?

אַ פֿולע אויסגאַבע פֿון אַ שרײַבער קאָן זײַן אין אַ ביבליאָטעק, פֿאַר יחידי־סגולה, אָדער ווי אַ שײַנדל אין ביכער־אַלמער. אָבער צום לייענען דאַרף מען האָבן איין באַנד, צוויי, דרײַ אָדער פֿיר פֿון די אויסגעקליבענע ווערק, וואָס דער שרײַבער האָט אָנגעשריבן.

דאָס איז די אידעע פֿון דער ל. מ. שטיין־ביבליאָטעק. דאָס איז אַן אומגעהײַער וויכטיקער אויפֿטו.

עס ווילט זיך ווינטשן דעם זיבעציקיאָריקן שטיינען ער זאָל נאָך לאַנג לעבן אין אַ צושטאַנד פֿון „לא כהתה עינו ולא נס ליחו" און ער זאָל פֿאָרזעצן זײַן געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, הגם ווען אַפֿילו מיט אַ ביסל אַ פּאַמעלעכערן טעמפּאָ.

---

## בריוו פֿון מענדל עלקין

(סוף פֿון זײַט 54)

איך האָב מיט באַוווּנדערונג תּמיד געציילט וויפֿל וויכטיקע קונסטווערק האָבן דורך אײַער אָנשטרענגונג דערזען די ליכטיקע וועלט און וויפֿל עסטעטישן געשמאַק איר האָט אין אײַער אַרבעט אַרײַנגעלייגט.

ווער קען דען אויסרעכענען אַלץ מיט אַנאַנדער וואָס איר האָט געטאָן און אויפֿגעטאָן בנגלה ובנסתּר!

זאָל דאָס אַלץ פֿאַרצייכנט ווערן. זאָל דאָס אַלץ אײַך אַנטקעגנקומען און שטאַרקן אײַערע הענט און באַלויכטן אײַער לעבנסוועג מיט אײַער ליבער, טײַערער סאָניען און די טעכטער ומשפּחתם ביז 120 יאָר — אָמן.

מיט ליבשאַפֿט

אײַער

מענדל עלקין

# MY EIGHT YEARS WITH L. M. STEIN

**By ROBERT J. MERKI (Chicago)**

In March, 1946, I became a partner of L. M. Stein, not only in the bindery business, but in many activities that were completely strange to me. Who ever heard of a business executive who had poets, writers, artists and other professionals coming into his place of business day in and day out, discussing methods of publishing and distribution of their various efforts, which were actually a disturbance to our normal work day.

I had been informed by his friends, customers, and competitors that I could never hope to find a more responsible person to join, in the pursuance of a livelihood. These same people also cautioned me to expect a severe taskmaster and perfectionist to the highest degree. After eight years of association with him, I have found all of the foregoing to be true—and then some. He has a keen analytical type of mind. He is a man of ethics and principles almost to a point of fanaticism.

These eight years of working with him have taught me many more things than the material benefits of the world. The adage, "Man Can't Live by Bread Alone" is personified in the person of Stein. Through him, I have met a number of very interesting New York representatives of Jewish cultural organizations. These men spent a portion of their day in our offices during the annual YIVO campaigns. I enjoyed their friendship and it was a great pleasure to take part in a small way to help further the cause.

Three years ago, it was necessary that I make a trip to New York. Mr. Stein made the necessary arrangements for me to spend a day at the Yiddish Scientific Institute. There it was my very good fortune to meet Dr. Weinreich, Mr. Lehrer, Mr. Elkin and my host at the YIVO, Mr. Uveeler. At last I had an opportunity to see what I had been hearing about from Mr. Stein for several years. It was a very pleasant and memorable day.

I truly believe that, at times, he actually resents the necessity of making a living, because it interferes with his cultural activities. During the years of our friendship, I have seen this man completely worn out and broken physically, but his spirit has never diminished. It is inconceivable how a man of his years can have such a dynamic, driving power.

Words are inadequate to express or portray a picture of him preparing books for shipment to Israel, Argentina, Australia, or many other places in the world. He designs and prepares his own shipping cartons. I can assure you, they are just so, and the books arrive at their destination in perfect condition. This, alone, takes an endless amount of energy and time.

To eat, sleep, and make merry would be to him an existence. His cultural activities are more to him than existence; they are his life.

To sum up these few notes, I could not help but express my personal opinion of this man, Stein. I feel that my life has become richer in the more worthwhile endeavors of living, because of Stein. I feel that in our business, I have tremendous responsibility to carry on in the same pattern that has been established for forty or more years by my partner.

In closing this article, I wish to express my sincere congratulations and best wishes to one of the finest characters I have ever known.

# „דזשאַני עפּלסיד"

שאול מאַליץ (ניו־יאָרק)

אין דעם אַמעריקאַנער פֿאָלקלאָר דערציילט זיך וועגן איינעם דזשאַני, וואָס מ'רופֿט אָן מיט דעם צונאָמען „דזשאַני עפּלסיד" — דזשאַני דער עפּל־פֿלאַנצער. וואָס איז געווען דזשאַני'ס אויפֿטו, אַז דאָס פֿאָלק האָט אים אַזוי אידעאַליזירט און דערציילט מעשׂיות וועגן אים?

דזשאַני האָט גענומען אויף זיך דעם חובֿ צו פֿאַרפֿלאַנצן עפּלביימער איבער דער גאַנצער לענג פֿון אַמעריקע. מיט אַ זאַק עפּלקערלעך איז ער געגאַנגען איבערן לאַנד און אומעטום האָט ער פֿאַרפֿלאַנצט די קערלעך, פֿון וועלכע עס זענען שפּעטער אַרויסגעוואָקסן ביימער, וואָס האָבן געבראַכט פֿרוכט.

אַזוי איז ער דרײַ מאָל דורכגעגאַנגען דאָס לאַנד. צוריקגייענדיק האָט ער אַרומגעשניטן די ווילדע צווײַגלעך פֿון די יונגע ביימלעך און געשעפּט נחת פֿון זײַן אַרבעט.

ווען איך טראַכט וועגן דאָזיקן אַמעריקאַנער פֿאָלקסהעלד, קומט מיר איצט אויפֿן זינען אַ מענטש, וואָס איך קען פֿאַרגלײַכן צו דעם „דזשאַני עפּלסיד". דאָס איז ל. מ. שטיין. ער איז זײַן גאַנץ לעבן עוסק אין פֿאַרפֿלאַנצן עפּעס, וואָס איז נאָך וויכטיקער פֿון עפּלביימער — ביכער, גײַסטיקע ווערטן, וואָס ער האָט געדרוקט און געהאָלפֿן פֿאַרשפּרייטן.

אַז מ'קומט אַרײַן אין ל. מ. שטיינס בוכבינדערײַ, דאַכט זיך, אַז מ'קומט אַרײַן אין אַ קונסט־היכל: קונסבילדער אויף די ווענט, מוסטערן פֿון שיין געדרוקטע ביכער ליגן אויף די טישן. אין אַ ווינקל שטייט אַ טיש, בײַ וועלכן ל. מ. שטיין שטייט אַליין און פּאַקט ביכער און צעשיקט זיי פֿרײַ אין יידישע ייִשובֿים איבער גאָר דער וועלט.

דערמאָנט עס אײַך נישט אָן „דזשאַני עפּלסיד"?

---

## ל. מ. שטיין — אַ בן־שבֿעים

זרובבֿל (תל־אָבֿיבֿ)

(סוף פֿון זײַט 53)

איר מצבֿ, ער נ ע מ ט ז י ך א י ב ע ר מיט איר גורל.

דערפֿאַר איז אָנגעמאָסטן אויף אים זײַן לעצטע איניציאַטיוו — די ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק בײַ דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס.

שטיין וווייטיקט, פֿאַר וואָס מען פֿאַרגעסט בײַ אונדז די היטלער־עפּאָכע, פֿאַר וואָס מען הייבט אָן פֿאַרשווײַגן דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד, פֿאַר וואָס מען היט נישט אָפּ דאָס קינסטלערישע ייִדישע וואָרט.

„עס פֿאַרדריסט, שרײַבט ער מיר, ווען מען זעט, ווי אונדזערע, איך מיין טאַקע אונדזערע ייִדן, רעכענען זיך אויס איידער זיי לאָזן פֿרײַ גיין דעם דאָלאַר פֿאַרן ייִדישן בוך און אַנדערע קולטור־באַדערפֿעניש. איר וועט געפֿינען, זאָגט ער, אַז אַ מאַן מיט זײַן פֿרוי וועלן מאַכן אַ לוסטרײַזע קיין ישׂראל און זיך לאָזן קאָסטן דערויף אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר, און אַז עס קומט צו אַ וויכטיקער קולטור־אַרבעט, קומען זיי אָפּ מיט אַ שיבוש".

ער כאַפּט זיך צוריק אַ רגע: „צו וואָס שרײַב איך אײַך דאָס אַלץ? ווער־ווער — איר ווייסט דאָך דאָס בעסער פֿון מיר. פֿילײַכט — ווײַל עס ט ו ט  ו ו י י! ווען מען שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט און זײַטיקע מענטשן טראַכטן זיך: ווער הייסט דיך?! טו אַזוי ווי מיר, וועסטו זיך נישט דאַרפֿן ערגערן — רעדן מיר זיך עס אַראָפּ פֿון האַרצן".

אַזוי שרײַבט דער אייביק יונגער ז י ב ע צ י ק ע ר ל. מ. שטיין. און ער גיט צו: „איך וועל אָבער מײַן אַרבעט נ י ש ט אויפֿגעבן און פֿון זיי, פֿון אָט די ייִדן וויל איך זיך נישט לערנען. איך קאָן נאָך געפֿינען בעסערע מענטשן, פֿון וועמען צו נעמען אַ בײַשפּיל."

גערעכט, דורכויס גערעכט, מיין יונגער זיבעציקער, פֿרײַנד שטיין: נעמט נישט פֿון אַנדערע קיין בײַשפּיל. איר אַליין זײַט אַ גלענצנדיקער אָנצינדיקער בײַשפּיל פֿאַר אַנדערע!

לעבט ווײַטער און האָט כּוח צו טאָן ווײַטער אײַער אַרבעט!

# אַ בײַשפּיל

## דאַרף מען פון אים נעמען

**א. א. ראָבאַק**
(קעמברידזש, מאַס')

ליבהאָבערס פון ייִדיש זײַנען פאַראַן אַ סך אין אַמעריקע, באַזונדערס צווישן די שרײַבערס און קולטור־טוערס. אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאָרגענומען צו פאַרבעסערן די לאַגע צווישן אונדז, זײַנען פאַראַן גאָר ווינציק, און פון די ווינציק זײַנען דאָ בלויז עטלעכע, וואָס יאָר־אײַן, יאָר־אויס פירן זיי אויס זייער באַשלוס.

צווישן די פאָר איז ל. מ. שטיין אַן אָנזעעוודיקער בויער. ער מאַכט פּלענער, ער האָט אין זינען די צוקונפט, און נאָך מער — ער טוט אַלץ מיט די אייגענע כּוחות. אַנשטאָט צו געבן פּרעמיעס, ווי אַנדערע טוען, פילט ער, אַז ס'איז גלײַכער דאָס געלט אויסצוגעבן אויף אַ בוך, און זײַן געשמאַק דערלאָזט אים נישט גלאַט צו ברענגען אַ בוך אויפן מאַרק. דאָס אויסערלעכע פון בוך דאַרף האָבן אַ פּנים פּונקט ווי דער תּוכן. אָט דאָס איז געווען און פאַרבליבן ל. מ. שטיינס אויפטו יאָרן לאַנג. ניט איין ייִדישער שרײַבער האָט אים צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס זײַן שאַפונג האָט דערזען די ליכט.

ווי יעדער איינער קולטור־טוער קומט אים נישט איין מאָל אויס צו הערן אַנטמוטיקנדיקע ווערטער פון אַמאָליקע אידעאַליסטן און הײַנטיקע ייִאושיסטן. אָט שרײַבט ער מיר נישט לאַנג צוריק:

„אײַער אַרטיקל אין פרײַע אַרבעטער־שטימע „אַ קולטור באַשטייט פון שאַפערס" האָט מיך אָנגערעגט איך זאָל אײַך שרײַבן אַ פּאָר ווערטער. פאַר די פילע יאָרן, וואָס איך גיב אַרויס ייִדישע ביכער, איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען אויסצוהערן באַמערקונגען, אַז מײַן אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן, ייִדיש גייט אונטער, קיינער וויל נישט קויפן קיין ייִדיש בוך, און די ביכער, וועלכע מיר פאַרקויפן, זײַנען גיכער אָנגעוואָרפענע ביכער איידער פאַרקויפטע. אײַך זײַנען גוט באַקאַנט די ווערטער מיט וועלכע מען באַנוצט זיך אָנצוווײַזן אונדז ווי נאַריש מיר זײַנען, וואָס מיר גיבן אַרויס ייִדישע ביכער.

„איך האָב אַלע מאָל מאָטיווירט און אָפּגעשלאָגן אָט די „קלוגע" אַטאַקעס מיט איין אַרגומענט: אַזוי לאַנג ווי מיר, ייִדן, האָבן שעפערישע כּוחות — און מיר האָבן זיי זיכער אין אַ גאַנץ היפּשער מאָס — מוזן מיר, דאַרפן מיר, זיי קומען צו הילף, ווײַל שעפערישקייט פון אַ שרייבער האָט אַ קולטורווערט.

„...עס פאַרדריסט ביז גאָר, וואָס מיר געפינען נאָך הײַנט צו טאָג אַזוי ווייניק מענטשן, וועלכע זאָלן אײַנזען די ריכטיקייט פון אײַער שטאַנדפּונקט און זאָלן זײַן גרייט צו העלפן די שעפערישקייט...

„דערפאַר איז זייער דערפרייענדיק אײַער אײַנשטעל... עס איז וויכטיק. זאָלן זיי כאָטש טראַכטן וועגן דעם."

יאָ, פרײַנד שטיין איז אַ געשעפטסמאַן, אָבער ער איז אויך אַ טראַכמער, און ווען צוויי אַזעלכע אייגנשאַפטן קומען זיך צונויף אין דער זעלבער פּערזאָן, מוז ווערן אַ יש. מיר האָבן אַ סך פאַבריקאַנטן, סוחרים, אָבער זיי טראַכטן נישט חוץ דעם, וואָס עס קערט זיך אָן מיט זייער באַקוועמלעכקייט. מיר האָבן גענוג טראַכטערס, זײַנען אַ סך פון זיי, זאָל מען מיר מוחל זײַן, יוסטע בטלנים. דערפאַר איז אַזאַ ווי פרײַנד ל. מ. שטיין אַזאַ יקר־המציאות אין אונדזער קולטור־וועלט.

עס זײַנען פאַראַן אַלערליי שטיינער. שטיינער זײַנען דאָ גענוג בײַ אונדז, און מען לייגט אונדזער קולטור כּסדר שטיינער אין וועג, אַז נישט בײַ איינעם פון אונדז, וואָס גיט זיך אָפּ חשבון פון דער לאַגע, ליגט אַ שטיין אויפן האַרצן. אָבער ווען די ייִדישע ליטעראַטור זאָל אין אַמעריקע האָבן נאָך אַ צענדלינג שטיינער ווי אונדזער ליבער יובילאַר, וואָלטן מיר ערשט געקענט אויפבויען דעם בנין ייִדישע קולטור ברחבֿות. הלוואַי וואָלטן אונדזערע מעצענאַטן גענומען אַ משל פון אים ווי אַזוי מען דאַרף צוזמרעטן צום ענין ייִדישע קולטור. דער פאַרלאַג, וואָס טראָגט זײַן נאָמען, האָט שוין באַוויזן ווי מען קען בויען די ייִדישע ליטעראַטור דורך העלפן די שאַפערס און פאַר איין וועג אויך די לייענערס, וואָס אַ סך פון זיי גאַרן יאָ נאָך אַ נײַ בוך, די מלשינים אויף צו להכעיס.

# אַ טריאָלעט פאַר לאַמעד מעם

**מלכּה ח. טוזמאַן**
(לאָס אַנדזשעלעס)

וואָס קומט מיר אַרויס? דײַן איזאָלדע איז „ייִדיש"
דאָך זינג איך אַ ליב דיר, מײַן פרײַנד לאַמעד מעם.
איר בין איך מקנא; דיך גרוס איך ידידיש.
וואָס קומט מיר אַרויס? דײַן איזאָלדע איז „ייִדיש"
און דו ביסט דער אמתער ריטער רב ייִד — איש
(ביז הונדערט און צוואַנציק, למען השם)
און ס'קומט מיר אַרויס... דײַן איזאָלדע איז „ייִדיש"
זינג איך אַ ליב דיר, מײַן פרײַנד לאַמעד מעם.

# „ווי" און „וואָס"

י. ח. פּאָמעראַנץ (ניו־יאָרק)

אַז איך טראַכט איבער צוריק וועגן די פֿאַרגאַנגענע 30 יאָר פֿון ל. מ. שטיינס ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, זעט זיך בולט אַרויס אַ שטריך, וואָס — איך מיין — כאַראַקטעריזירט אים אויפֿן בעסטן אופֿן.

אין זײַנע פֿילצאָליקע טעטיקייטן לטובֿת ייִדיש און ייִדישער קולטור לייגט ער דעם טראָפּ אויף דעם „ווי" פּונקט אַזוי שטאַרק, אויב ניט נאָך מער, ווי אויף דעם „וואָס". אין זײַן גאַנצן טראַכטן, און נאָך מער אין זײַן טון, איז ער דער גרויסער מקפּיד אויף כּלערליי קלענסטע פּרטים. דאָס קאָן מען זען, למשל, אין די אויסגאַבעס, וואָס ער גיט אַרויס פֿון צײַט צו צײַט. איבער זיי אַלע איז קענטיק דאָס וואַכנדיקע אויג און די געניטע האַנט פֿון אַ מענטשן — אַ מדקדק אויף יעדן פּרט.

איך וואָלט געזאָגט, אַז איינע פֿון די עיקרדיקע סיבות, וואָס האָבן באַוויגן שטיינען זיך צו נעמען צו פֿאַרלעגערישער אַרבעט איז דאָס, וואָס בדרך־כּלל זענען ייִדישע ביכער אין אַמעריקע מיט 25 יאָר צוריק געווען אַזוי אָרעם אין טעכנישן זינען, אַז זײַן פּעדאַנטישער חוש פֿלעגט דאָס פּשוט ניט קאָנען פֿאַרטראָגן.

איך האָב מיט שטיינען געהאַט אַ סך געשמועסט וועגן דעם און עס איז בײַ מיר קיין ספֿק ניט, אַז לויט זײַן נאַטור האָט ער זיך „געמוזט" נעמען צו דער אַרבעט פֿון פֿאַרשענערן און פֿאַרבעסערן דעם אויסזען פֿון ייִדישן בוך. עד־היום זוכט ער און פּרוּווט אײַנצושטעלן דעם שטיין־נוסח אין דער פֿאַרלעגערישער אַרבעט, אין וועלכער ער האָט זיך אַרײַנגעטאָן. דערין געפֿינט זײַן נשמה איר תּיקון.

מחמת דעם זעלביקן טעם איז שטיין אַזוי טיף עמאָציאָנעל און ציטערדיק אין זײַן אַרבעט לטובֿת דער ייִדישער קונסט, וועגן וועלכער מע ווייסט אגבֿ ניט גענוג אַפֿילו אין די ענגערע ייִדישע קולטור־קרײַזן איבערן לאַנד.

ווען ער פֿאַרנעמט זיך מיט, אַן אויסגאַבע פֿון אַ ייִדישן מאָלער אָדער מיט אַ ווערק פֿון אַ ייִדישן סקולפּטאָר, איז ער ממש אין די עולמות־העליונים. דאַמאָלסט באַהעפֿט ער זיך נעענטער מיט דער גרויסער איבערלעבעניש פֿון העלפֿן פּערפֿעקטירן די קלענסטע פּרטים און די דינסטע שטריכן פֿון אַ ווערק, וווּ די צווישן־שײַכות פֿון דעם ג אַ נ צ ן מיט זײַנע איינצלנע טיילן איז אַ וועזנטלעכע און אַן אומפֿאַרמײַדלעכע.

שטיינס אייגנאַרטיקע אַרבעט לטובֿת דעם ייִוואָ נעמט זיך, האַלט איך, אויך דערפֿון, וואָס אַחוץ דער גרויסקייט פֿון די אויפֿגאַבעס פֿון ייִוואָ, איז ער מאַגנעטיש צוגעצויגן געוואָרן צו דער מעטאָדיק און פּינקטלעכער אײַנשטעלונג פֿון כּמעט אַלץ, וואָס איז בשעתו אַרויסגעקומען פֿון ייִוואָ אין ווילנע.

אין די נײַנצן דרײַסיקער פֿלעגט מיר זייער אָפֿט אויסקומען מיטצואַרבעטן מיט שטיינען אין אַ סך קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייטן פֿון אַ שטאָטישן און אַ לאַנדפֿאַרנעם. איך געדענק זייער גוט ווי יעדעס מאָל ווען מיר האָבן אויפֿגענומען אַן ענין, פֿלעגט ער זיך אָפּרופֿן בזה הלשון: „לאָמיר פֿריִער באַשליסן וואָס יעדער איינער זאָל טאָן; איך וועל טאָן אַזוי און אַזוי..." און עס איז שוין געווען זיכער, אַז דאָס, וואָס שטיין האָט זיך אונטערגענומען צו טון, וועט דורכגעפֿירט ווערן בשלימות.

עס איז אוממעגלעך אין די ראַמען פֿון אַ פּאָר קורצע באַמערקונגען זיך אָפּצושטעלן אויף אַלע אָדער אַפֿילו אויפֿן רובֿ טעטיקייטן, אויף וועלכע ל. מ. שטיין לאָזט איבער זײַן אייגענעם חותם. קלאָר איז, אַז אין דער געשיכטע פֿון אונדזערע מאָדערנע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונגען פֿאַרנעמט שטיין אַ גאָר חשובֿן און אייגנאַרטיקן פּלאַץ.

מיט זײַן אינערלעכן דראַנג נאָך שלימות האָט ער אַ סך באַווירקט דעם גאַנג פֿון אַ צאָל קולטור־אויפֿטוען און אין איינעם דערמיט — אויך אַ צאָל מענטשן, וועלכע האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט.

ווי בײַ אַ סך ייִדישע קולטור־עסקנים, איז שטיינס טעטיקייט צעצווײַגט און צעשפּרייט: ייִדישע ביכער, ייִדישע קונסט, ייִדישע שולן, ייִוואָ, קולטור־קאָנגרעס און נאָך און נאָך. אין אַלץ, וואָס ער טוט, שנירלט זיך אַדורך אַן אינערלעכע דיסציפּלין, וואָס איז פֿאַרוואָרצלט אין אַ פֿעלדזן־פֿעסטער אמונה בנוגע דעם כּוח פֿון ייִדיש.

ל. מ. שטיין איז אפֿשר איינער פֿון די אינדיווידואַליסטישסטע כּלל־טוערס אונדזערע, אָבער אַ דאַנק דער כּלל־טוערײַ האָבן מיר אין אונדזער מחנה אָט דאָס אוניקום, וואָס הייסט ל. מ. שטיין.

מיר ווינטשן אים פֿיל יאָרן פֿון האָפֿענונגספֿולער מיטאַרבעט אין דעם פֿעלד פֿון ייִדישער קולטור. מיר ווינטשן אים און זײַן משפּחה — מזל וברכה בכל מעשׂיהם וכל טובֿ.

# מענטש — פערזענלעכקייט

וו. נאַטאַנסאָן (שיקאַגאָ)

איך האָב שטענדיק געגלייבט אין דער גרויסער ראָלע פֿון יחיד, אויב נאָר דער באַטרעפֿנדיקער יחיד איז אַ פערזענלעכ־קייט.

ל. מ. שטיינס באַציִונג צו קולטור בכלל און ייִדישער קולטור בפֿרט, אַלע זײַנע אַקטיוויטעטן אויף סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע געביטן, ציִען זייערע וואָרצלען פֿון ל. מ. שטיינס פערזענלעכקייט און שפּראָצן אַרויס פֿון איר.

זייער קליין איז די צאָל מענטשן, וואָס קאָנען כאַראַקטעריזירט ווערן ווי פערזענלעכקייטן. זייער אָפֿט טרעפֿן מיר אָן אַפֿילו געניאַלע מענטשן, וואָס זײַנען נישט קיין פערזענלעכקייטן. מיט פערזענלעכקייט איז ווי מיט העלדישקייט און עטישקייט. העלדישע און עטישע מענטשן געפֿינען זיך אין דער גרעסטער צאָל צווישן די פשוטע נישט־אינטעלעקטועלע און נישט צו פֿיל געבילדעטע. העלדישקייט און עטישקייט קוואַלן אַרויס פֿון פערזענלעכקייט, וואָס לאָזט זיך מער דערפֿילן ווי דעפֿינירן, און דערפֿאַר איז נישט שייך קיין אַלגעמיינע פֿעסטגעשטעלטע דעפֿיניציע.

איך אַליין באַצייכן ווי אַ פערזענלעכקייט דעם, וואָס אין זײַנע ווערטער דערפֿילט זיך אַ שטאַרקייט און קרעפֿטיקייט, אַ מאַכט און אַ ווילן זיך אײַנצושטעלן פֿאַר דעם זינען און מיין פֿון די אַרויסגעזאָגטע ווערטער. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס ער איז באַוווּסטזיניק אויף זײַן אייגענער אייגנקייט; ער פֿילט שטאַרק דאָס געהערן צו דער אוניווערסאַליטעט וואָס נעמט אַרײַן דאָס פֿאָלק, די מענטשהייט; פֿאַר טייל אַפֿילו, דעם אַלהעכסטן זעלבסט — גאָט אַליין. אין זײַן אייגענעם ווילן שפּירט ער אַן אויסדרוק פֿון קאָסמישן ווילן, אין זײַן אַנטשלאָסנקייט צו פֿאַרוואַנדלען ווילן אין טאַט, וויזיע אין רעאַליטעט, דערקענט ער אַן אַלוועלטלעכן אימפּעראַטיוו, וואָס שלאָגט זיך אַדורך דורך יחידים, פֿאָלק און מענטשהייט.

פֿון די גאָר פֿיל מענטשן פֿון אַלערליי קולטור־ און ציוויליזאַציע־גראַדן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו קענען און דערקענען, איז ל. מ. שטיין איינער פֿון דער קליינער צאָל, אין וועמען איך האָב דערפֿילט פערזענלעכקייט.

עס איז די פערזענלעכקייט אין שטיינען, וואָס איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זײַן ווונדערלעכער אַרבעט פֿאַרן ייִוואָ. אַ שטרעבן צו גרויסן פֿאַרנעם און אימפּעטיקע איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך זײַנען שטריכן, וואָס צייכענען אויס פערזענלעכקייט.

איך דערמאָן מיך איצט וואָס פֿאַר אַ טיפֿן אײַנדרוק שטיינס איבערגעגעבנקייט צום ייִוואָ האָט אויף מיר געמאַכט אין אַ געוויסן ווינטער, מיט יאָרן צוריק, בעת אַ געוויסער קאַמפּאַניע, וואָס איז אָנגעפֿירט געוואָרן, ווי אַלע מאָל, נאַטירלעך, פֿון אים.

שטיין איז קראַנק געוואָרן אַ פּאָר וואָכן פֿאַרן שלוסבאַנקעט לכּבֿוד דער ייִוואָ־אַקציע. איך בין אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן צו ווערן צײַטווײַליק שטיינס ממלא־מקום. איך בין געשמאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט אים ווען נאָר דער דאָקטאָר האָט דערלויבט. זײַנע זאָרגן פֿאַר דער אַקציע פֿון ייִוואָ, זײַן עגמת־נפֿש, וואָס ער וועט נישט קאָנען זײַן אויפֿן באַנקעט, האָבן איבערגעשטיגן זײַנע פֿיזישע ליידן. ער האָט זיך אָפֿט פֿאַרגעסן אָן דער קראַנקייט און זיך געריסן עובֿר זײַן אויף די פֿאַרבאָטן פֿון דאָקטאָר.

ווי אַ פערזענלעכקייט, האָט שטיין אויך געצייכנט פֿאַר זיך אַ גרויסע פעריפֿעריע פֿון אינטערעסן אַרום יעדער זאַך — אַן אינסטיטוציע אָדער אידעע — וועלכע איז געוואָרן דער צענטער פֿון זײַנע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע אינטערעסן. און אויף וויפֿל מענטשלעכע חשיבֿות איז דער סינע־קוואַ־נאָן פֿון פערזענלעכקייט, איז ער אַלע מאָל — ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַפֿונגען פֿון קריטיקער, דיכטער און קינסטלער — געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז די מענטשלעכע חשיבֿות פֿון שאַפֿער זאָל דערהויבן ווערן און ניט געמינערט, אָדער חס־וחלילה, דערנידעריקט ווערן.

אין אַ בריוו צו מיר אין שײַכות צו זײַן פֿאַרלעגערישער טעטיקייט שרײַבט שטיין צווישן אַנדערע:

„איך האָב דאָך אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל ביכער און דאָך גיי איך צו צו יעדן בוך מיט אַ ציטער, ווען איך דאַרף דאָס בוך אַרויסגעבן אונטער מײַן נאָמען. איך דערפֿיל גלײַך, אַז אין מײַנע הענט ליגט די אַרבעט, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ סך צײַט און מי, און אפֿשר אַפֿילו שלאָפֿלאָזע נעכט. פֿאַר מיר שטייט דער שרײַבער און זאָגט מיר: „זײַ פֿאָרזיכטיק, גוטער ברודער, אַ בוך שרײַבן קומט נישט אָן לײַכט, צײַטנווײַז קומט עס אָן מיט ווייטיקן."

„דערפֿאַר ציטער איך און בעט זיך בײַם שרײַבער ער זאָל נאָך אַ מאָל דורכקוקן זײַן מאַנוסקריפּט. איך צי זײַן אויפֿמערקזאַמקייט דערויף, אַז ווען זײַן בוך וועט פֿאַרטיק זײַן, וועט זײַן צו שפּעט צו קאָרעגירן. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, יעדער שרײַבער ווייסט עס. איך קאָן זיך אָבער

נישט באַפֿרײַען פֿונעם געדאַנק, אַז דער שרײַבער קען חלילה עפּעס פֿאַרזען. איך וויל זײַן זיכער, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. ערשט דאַן האָב איך דאָס געפֿיל, אַז איך קאָן זיך נעמען צו דער אַרבעט, ווײַל איך בין צוגעגאַנגען צו דער זאַך פֿאָרזיכטיק."

פערזענלעכקייט מוז אויך פֿון צײַט צו צײַט — און דער הויפּט אין די מאָמענטן ווען איר טרעגער, דער מענטש, איז פֿאַרנומען מיט טעטיקייטן, וואָס טראָגן אַ גײַסטיקע דערהויבנקייט — פֿילן און איבערלעבן אַ רעליגיעזן ציטער און דאָס שוועבן פֿון אַ רוח־הקודש איבער אים און אַרום אים. אַזאַ פֿילן און אַזאַ איבערלעבן קומט אַפֿילו, ווען דער געגעבענער מענטש, די פערזענלעכקייט, קאָן ניט אָדער וויל ניט זיך גריבלען אין דער סיבה אָדער מקור פֿון רעליגיעזיטעט און הייליקייט. אַזעלכע געפֿילן און איבערלעבונגען פֿון איינעם טראָגן זיך אַריבער אויך אויף אַנדערע, וועלכע קומען אין באַריר מיט אים.

אָט פֿאַר וואָס אין שטיינס שטוב, וואָס איז געוואָרן דער אַדרעס פֿון אַלערליי קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע אַסיפֿות, האָבן די פֿאַרזאַמלטע אַלע מאָל זיך געפֿילט שבת־יום־טובֿדיק.

איך אַליין האָב געהאַט דעם תענוג דורכגענומען צו ווערן מיט אַזאַ שבת־יום־טובֿדיקייט אין ל. מ. שטיינס שטוב איין מאָל אַ וואָך אין פֿאַרלויף פֿון אַן ערך פֿופֿציק וואָכן אָן אַן איבעררײַס.

אין פֿאַרלויף פֿון אַ יאָר צײַט איז יעדן פֿרײַטיק אָוונט די שטוב פֿון שטיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קולטורהויז, אין אַ מקום־תּורה. פֿון נײַן אַ זייגער ביז שפּעט אין אָוונט זײַנען אָנגעגאַנגען שאַרפֿע און טיפֿע דיסקוסיעס וועגן פֿאַרשיידענע ענינים, וואָס האָבן אַ שײַכות צו מענטש, ייִד און גאָט. די דאָזיקע דיסקוסיעס זײַנען געפֿירט געוואָרן (אונטער מײַן לייטונג) פֿון אַ דרײַסיק־פֿערציק יונגע בחורים און מיידלעך, מערסטע פֿון זיי סטודענטן פֿון פֿאַרשיידענע אוניווערסיטעטן אויף פֿאַרשיידענע פֿאַקולטעטן.

אין דעם דאָזיקן קרײַז זײַנען אויך געווען אָנגעשלאָסן שטיינס צוויי טעכטער. אָבער אויך פֿרוי שטיין און אונדזער איצטיקער בעל־יובֿל אַליין האָבן געהאַלטן אָנגעשטעלט מויל און אויערן, כּדי אויפֿצונעמען די אָפֿט טיף פֿילאָסאָפֿישע רייד פֿון די באַגאַבטע יונגע, רײַפֿע מענטשן.

נאָך איין שטריך פֿון שטיינס ווילן־שטאַרקייט און סאָציאַל־נאַציאָנאַלן אָפּטימיזם קומט מיר איצט אויפֿן געדאַנק — מיט דעם וועל איך שליסן מײַן איצטיקע כאַראַקטעריסטיק און אָפּשאַצונג.

אין שײַכות מיט אַ געוויסער אונטערנעמונג, וואָס אין דער מעגלעכקייט פֿון איר דורכפֿירונג האָבן גאָר אַ סך פֿון אונדזער קרײַז שיקאָגער ייִדן געצווייפֿלט, האָט שטיין מיט זײַן אָפּטער אָנגעגורטקייט פֿון אינערלעכע כּוחות, אַ זאָג געטאָן: „זי ק אָ ן און וו ע ט דורכגעפֿירט ווערן, ווײַל זי ד אַ ר ף דורכגעפֿירט ווערן!"

פערזענלעכקייט קומט אַלע מאָל צום אויסדרוק, ווען דער מענטש זאָגט: איך ווייס נישט צי איז מײַן איבערצײַגונג אַן אמתע אָדער ניט; צי וועט מײַן אידעאַל יאָ אָדער ניט פֿאַרווירקלעכט ווערן. וואָס איך ווייס יאָ, און אין וואָס איך בין זיכער איז: היות ווי מײַן אידעאַל און מײַן וויזיע גייט אַרויס פֿון די גרענעצן פֿון איצטיקן זײַן, איז מײַן פֿליכט פֿעסטצושטעלן און דורכצוזעצן מײַן איבערצײַגונג און אַוועקגעבן דאָס בעסטע אין מיר פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון מײַן אידעאַל. אַזוי אַרום דערפֿילט אַ פערזענלעכקייט איר אַרײַנוועב אין אייביקן קאָסמישן זײַן און ווערט באַהערשט פֿון דעם גלויבן אין דעם „והיה באַחרית הימים".

דאָס דערקלערט פֿאַר וואָס איך זע אין שטיינען דעם „איך־בין־און־וועל־זײַן־מענטש" און פֿאַר וואָס איך באַטראַכט זײַן יום־טובֿ ווי אַ יום־טובֿ פֿאַר די אַלע, וואָס ליבן און אַכטן פערזענלעכקייט אין דעם מין מענטש.

## אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ און מיט אַ קולטורעלער נשמה

**מאָרים זיסקינד** (שיקאַגאָ)

איך באַטראַכט ל. מ. שטיינען ווי איינעם פֿון די איידלסטע און האַרציקסטע מענטשן פֿון אונדזער שטאָט.

ל. מ. שטיין איז אַ מענטש מיט אַ קולטורעלער נשמה און מיט אַ גוט מענטשלעך האַרץ.

אַ דאַנק זײַן איניציאַטיוו האָב איך אַוועקגעגעבן גאָר אַ גרויסן טייל פֿון מײַן אַרכיוו, וואָס איך האָב אָנגעקליבן דורך עטלעכע צענדלינג יאָר, צום ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט.

איך פּלאַן צו טאָן דאָס זעלבע מיט פֿיל פֿון מײַנע אָנגעזאַמלטע וויכטיקע שריפֿטן און אויסגאַבעס אין ענגליש און ייִדיש.

איך ווינטש ל. מ. שטיינען פֿיל, פֿיל געזונטע און אַקטיווע יאָרן פֿון אַרבעט פֿאַר די דערהויבענע צוועקן פֿאַר וועלכע ער גיט אָפּ זײַנע כּוחות און ענערגיע.

# אַ שטומער וויכּוח צווישן מיר און ל. מ. שטיין

**שלמה בערקאָוויטש** (לאָס אַנדזשעלעס)

איך האָב אַ מאָל געהאַט אַ דעבאַטע מיט ל. מ. שטיין, נאָר אַזוי ווי פֿון דער דעבאַטע ווייסט קיינער ניט, אַפֿילו ל. מ. שטיין אויך ניט, וויל איך זי איצטער פֿאַרעפֿנטלעכן.

קודם־כּל אַ קליינע הקדמה:

ווען איך בין אָנגעקומען אינעם יאָר 1930 קיין שיקאַגאָ אָנצופֿירן מיטן שלום־עליכם־אינסטיטוט און מיט דער קולטור־געזעלשאַפֿט, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ בינטל טענות, וואָס די חבֿרים האָבן געהאַט צו ל. מ. שטיינען.

„סטײַטש", האָבן זיי זיך געברוגזט, „מיר זײַנען קליין אין צאָל, די אַרבעט איז אַ שווערע, וואָלט אַזאַ מענטש ווי ל. מ. שטיין באַדאַרפֿט זײַן מיט אונדז, און ווען ער זאָל אונדזער באַוועגונג אָפּגעבן די צײַט און דאָס געלט, וואָס ער גיט אויס אויף זײַנע קונסט־אויסגאַבעס, וואָלטן מיר דאָך געקענט אַ סך מער אויפֿטאָן. אמת, ער קומט צו אונדז אויך, איז אונדז באַהילפֿיק אין דער אַרבעט, אָבער ער וואָלט באַדאַרפֿט זיך אָפּגעבן נאָר מיט אונדזערע שולן, בלויז מיט אונדזער דירעקטער קולטור־טעטיקייט. פֿאַר וואָס פֿאַרשטייט ער דאָס נישט?"

מיר פּערזענלעך זײַנען די טענות פֿון די חבֿרים זייער געפֿעלן געוואָרן. מיר האָט זיך אויך געוואָלט האָבן ל. מ. שטיינען ניט בלויז אַ ר ו ם אונדזער קרײַז, נאָר טאַקע אינעווייניק. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען עס?

איך האָב גענומען זיך צוקוקן צו ל. מ. שטיינען. איך האָב גלײַך אײַנגעזען, אַז איך האָב פֿאַר זיך „אַ האַרטע נוס", וואָס איך וועל אפֿשר ניט קאָנען אײַנבײַסן.

אמת, ער איז אַ ייִדישיסט, האָט געוואַלדיק ליב אונדזער אַרבעט, איז גרייט אַלע מאָל אונדז מיטצוהעלפֿן, אָבער נאָר מיטהעלפֿן און ניט מער, ווײַל ער האָט אין יענע יאָרן געהאַט זייער אַ שטאַרקע נטיה צו קונסט בכלל און צו דער ייִדישער קונסט בפֿרט — דער קונסט האָט ער אָפּגעגעבן זײַן הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט. ווי נאָר ער פֿלעגט זיך מיט מיר פֿונאַנדערריידן וועגן זײַנע פֿאַרשיידענע עסקים און באַגעגענישן מיט די קינסטלער, פֿלעגט זיך זײַן שטים ענדערן. מיט אַ מין פֿאַרחלומטער ווייכקייט פֿלעגן זײַנע רייד אָפּקלינגען אין מײַנע אויערן.

און אָט איז איין מאָל פֿאַרלאָפֿן אַ מעשׂה, וואָס האָט מיך זייער אויפֿגערודערט. נאָך דער דאָזיקער פּאַסירונג האָב איך מיט שטיינען געהאַט אַ שטומען וויכּוח, וועלכן איך וויל איצטער דאָ איבערגעבן.

די מעשׂה איז געווען אַזאַ:

אין יאָר 1933 האָט ל. מ. שטיין אַרויסגעגעבן אַן אַלבאָם „די אַרט אָוו טודעי" מיט רעפּראָדוקציעס פֿון 52 מאָלערס און סקולפּטאָרן. נו, האָבן די קינסטלער אים געוואָלט עפֿנטלעך באַדאַנקען פֿאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע, אָבער קינסטלער, כּידוע, קאָנען זיך דאָך ניט אָפּגעבן מיט אַזעלכע „פּראָסטע" אַרבעטן, ווי אײַנצואָרדענען אַן אָוונט, האָבן זיי זיך געווענדט צום שלום־עליכם־אינסטיטוט ער זאָל עס אָרגאַניזירן פֿאַר זיי. פֿאַרשטייט זיך, אַז די שלום־עליכמניקעס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם און זײַנען צוגעשטאַנען פֿאַר שותּפֿים צום אָוונט.

ס'איז געקומען צום אָוונט אַ גאַנצע מחנה קינסטלער. ווי נאָר דער אָוונט האָט זיך געעפֿנט, האָט זיך יעדער איינער פֿון זיי גענומען רײַסן צום וואָרט.

„וואָס איז אַזוי די אײַלעניש?" — האָב איך זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אַ פּאָר באַקאַנטע.

„וואָס הייסט", איז געווען דער ענטפֿער, „יעדער איינער פֿון די קינסטלער באַטראַכט זיך פֿאַר אַ גדול־הדור, טאָ ווי שטייט אים אָן צו זיצן און הערן, וואָס אַ צווייטער האָט צו זאָגן?".

און סע געדענקט זיך נאָך עד היום, ווי די קינסטלער שטייען מיט זייערע מאַנטלען אויף די הענט, שטייען ווי אויף שפּילקעס, אַ פּאָר פֿון זיי האָבן זיך אַפֿילו געבייזערט אויפֿן פֿאָרזיצער, פֿאַר וואָס ער רופֿט זיי ניט גלײַך אויס. אַזוי גיך, ווי דער פֿאָרזיצער האָט מכבד געווען איינעם מיט אַ וואָרט, האָט ער „אָפּגעזאָגט" זײַן באַגריסונגס־רעדע, זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער איז איצטער זייער פֿאַרנומען, און גלײַך אַנטלאָפֿן (אויסער הענעך גליצענשטיינען און טאָדרעס געלער).

יענע נאַכט האָב איך ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן און אויף מײַן געלעגער האָב איך געהאַט אַ הייסן דיספּוט מיט ל. מ. שטיין. איך וויל דאָ בקיצור איבערגעבן דעם דאָזיקן דיספּוט אין אַ דיאַלאָג:

**איך:** שטיין, איר ווייסט, וואָס איך וויל אײַך זאָגן? איך האָב הײַנט אָוונט געהאַט אָן אײַך אַ שטיקעלע נקמה. גיט אַ קוק, ווי קליינלעך אײַערע קינסטלער האָבן זיך הײַנט אויפֿגעפֿירט. זיי האָבן דאָך געוואָלט אײַך אָפּגעבן כּבֿוד. צום סוף האָבן זיי אײַך געגעבן מער אומכּבֿוד ווי כּבֿוד. אַזאַ גראָבקייט, אַזאַ אומהעפֿלעכקייט האָב איך שוין לאַנג ניט געזען!

**ל. מ. שטיין:** איך ווייס וווהין איר צילט. וויל איך אײַך גלײַך פֿרעגן: וויפֿל צרות שטייט איר זיך אויס פֿון אײַערע שול־פֿאַרוואַלטערס? און פֿון די קינדער אין די שולן ווערט איר ווייניק אויסגעריסן?

**איך:** ווי קאָנט איר גאָר פֿאַרגלײַכן מײַן אַרבעט — אויב מע קאָן עס אָנרופֿן

אַרבעט — מיט אײַערער. אין די שולן קומט פֿאַר אַ שטענדיקער גראַנגל צווישן צוויי קולטורוועלטן, צווישן דער אַמעריקאַנער און ייִדישער. צײַטנווײַז האָב איך די אילוזיע, אַז סע גיט זיך דאָך מיר אײַן אַרײַנצופֿירן די קינדער אין דער ייִדישער וועלט אַרײַן, און איך עפֿן פֿאַר זיי אויף אַ טייל פֿון אונדזערע ייִדישע נאַציאָנאַלע אוצרות דורך אונדזער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע. סע ווילט זיך מיר גלייבן, אַז עפּעס וועט דאָך פֿאַרבלײַבן מיט זיי אויף אַלע מאָל. און ועל כּולם: איך האָב געוואַלדיק ליב די קינדערשע וועלט. די קינדער מיט זייערע קריגערײַען, פֿאַרדראָסן און שפּילן ציִען מיך צו. איך לעב זיך אַרײַן אין זיי. די קינדערשע געלעכטערס און זייערע געזאַנגען קלינגען מיר תּמיד אין די אויערן, און די קינדער האָבן מיך אויך ליב.

ל. מ. שטיין: אמת, די קינסטלער זײַנען כּמעט אַלע ווי קאַפּריזנע קינדער און סע איז שווער מיט זיי אויסצוקומען. אָבער זיי, פּערזענלעך, גייען מיך ניט תּמיד אָן, כאָטש סע איז שווער אָפּצוטיילן דעם קינסטלער פֿון זײַן שאַפֿונג, ווײַל אין דער שאַפֿונג דריקט דאָך אויס דער קינסטלער זײַן אייגענעם כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט. אָבער איך האָב אַ געוואַלטיקע הנאה, ווען איך זיץ און קוק אויף די פֿאַרשיידענע קונסטבילדער, איך ווער פֿאַרכאַפּט פֿון דער פֿילפֿאַרביקער וועלט, וואָס די קינסטלער מאָלן אויס פֿאַר אונדז. איך האָב אַלע מאָל אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג, ניט נאָר קוקן אויף די קונסטבילדער, ד"ה זײַן אַ פּאַסיווער געניסער, נאָר טאָקע טאָן עפּעס מיט זיי, פֿאַר זיי. איז דאָס דען ניט קיין אַרבעט לטובֿת דער ייִדישער קולטור? צערײַסן זיך קאָן איך דאָך ניט, טו איך דאָס, וואָס איז מיר מער צום האַרצן.

איך: אָבער פֿאַר וואָס, שטיין, האָט איר זיך עס אַזוי פֿאַרליבט אין דער דאָזיקער אַרבעט — ווי קומט איר דערצו?

ל. מ. שטיין: איר קענט מסתּמא דעם וויץ, אַז מען פֿרעגט אַ ייִדן אַ פֿראַגע, ענטפֿערט ער אײַך אָפּ מיט אַ צווייטער פֿראַגע. זאָגט מיר נאָר, בערקאָוויטש, ווי קומט איר צו זײַן אַ מלמד פֿון קליינע קינדער, און פֿאַר וואָס גיט איר אַוועק אײַער לעבן פֿאַר דער ייִדישער שול?

איך: איך אַליין שלאָג זיך אויך מיט דער דאָזיקער שאלה: אויף וויפֿל אַ מענטש קאָן תּופֿס זײַן זיך אַליין, איז מײַן איינציקע מעגלעכע דערקלערונג דאָס, וואָס איך אַליין האָב געהאַט אַ ביטערע קינדהייט און אַ שלימזלדיקע יוגנט. אָט די ביידע פּעריאָדן פֿעלן מיר אויס אין מײַן לעבן. סע בענקט זיך מיר נאָך זיי, זוך איך, משמעות, זיי ממלא צו זײַן דורך דעם, וואָס איך בין נאָענט מיט קינדער און באַמי זיך אַרײַנצולעבן אין דער קינדערשער וועלט. צײַטנווײַז גיט עס זיך מיר אײַן. דערצו נאָך איז געקומען ד"ר זשיטלאָווסקי און האָט אין מיר אָנגעצונדן אַ גרויסע ליבע צו אונדזער פֿאָלק, צו אונדזער שפּראַך און ליטעראַטור, און אַזוי בין איך געוואָרן דאָס, וואָס איך בין.

ל. מ. שטיין: און מײַן נטיה צו דער ייִדישער קונסט, קומט מיר בירושה פֿון מײַן טאַטן. מײַן טאַטע האָט געהאַט אַ שם פֿאַר זײַנע שיינע צייכענונגען און באַפּוצונגען, מיט וועלכע מע פֿלעגט בײַ אונדז אין שטעטל פֿאַרהענגען דעם אָרון־קודש. און אַחוץ אַלעמען, האָב איך אָט דעם קונסטגעפֿיל אין זיך געפֿלאַנצט אַלע מײַנע יאָרן, ווײַל פֿון קיין שום אַנדערער אַרבעט, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זײַן, האָב איך ניט אַזאַ האַרציקע הנאה, ווי איך האָב פֿון מײַן זייער באַשרענקטן און קליינעם בײַטראָג צו דער ייִדישער קונסט. די קינסטלער מיט זייערע קאַפּריזן גייען מיך ווייניק אָן. איך צעקנאַק די נוס, נעם אַרויס די יאָדרע און וואַרף אַוועק די שאָלעכץ. קונסט און ליטעראַטור — דאָס זײַנען די צוויי קאַנאַלן דורך וועלכע איך דין דער ייִדישער קולטור.

דער דאָזיקער וויכּוח צווישן מיר און ל. מ. שטיין האָט זיך נאָך געפֿירט און געפֿירט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

נאָר פֿון יענעם אָוונט אָן האָב איך אָנגעהויבן אויפֿנעמען שטיינס „קאַפּריז" צו קונסט אין אַן אַנדער ליכט. הײַנט, ווען ל. מ. שטיין גיט אָפּ אַזוי פֿיל כּוחות נישט נאָר דער ייִדישער קונסט, נאָר אויך דער ייִדישער ליטעראַטור, דעם ייִוואָ און דעם קולטור־קאָנגרעס, איז מײַן וויכּוח מיט אים יעדן פֿאַלס שוין נישט אַזוי ברענענדיק. איך באַנוץ זיך מיטן דאָזיקן אויסגעטראַכטן דיאַלאָג, כּדי צו דערציילן ווי אַזוי איך פֿאַרשטיי און ווי אַזוי איך זע ל. מ. שטיינען, און גאַנץ באַזונדער — זײַן פֿאַרליבטקייט אין ייִדישער קונסט.

# דער מענטש און זײַן הויז

ה. סילווערמאַן (שיקאַגאָ)

אין 1910 האָט דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד געעפֿנט די ערשטע ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין אַמעריקע. דאַן האָט אויך דער אַרבעטער־רינג געעפֿנט אַ נעץ שולן איבערן לאַנד.

די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע איז נישט געבליבן הינטערשטעליק. אין זייערע תּלמוד־תּורות האָבן קינדער געלערנט מאַכן אַ ברכה, זיך געגרייט צו בר־מצווה אאַז״וו.

צווישן די דערמאָנטע דרײַ טיפּן שולן — אַ ציוניסטישע, אַ סאָציאַליסטישע און אַן אָרטאָדאָקסישע — האָט געפֿעלט דער טיפּ פֿון אַן אמת אומפּאַרטייִשער ייִדישער שול.

עס איז דאָ אַ געוויסער עלעמענט ייִדן, וואָס מיינען, אַז די שול דאַרף זײַן פֿרײַ פֿון אַלע פּאַרטייִשע איזמען. אויסצופֿילן אָט אַ דעם חלל איז געקומען צום לעבן פֿריִער אין ניו־יאָרק און דערנאָך אין שיקאַגאָ דער שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט.

אין 1926, בײַ דער ערשטער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג אין שיקאַגאָ, איז ל. מ. שטיין אויסגעוויילט געוואָרן פֿאַר קאַסירער.

דאָ מוז דערמאָנט ווערן חבֿרטע סאָניע שטיין — די באַשיידענע, שטילע סאָניע. אויך זי איז צוגעשטאַנען צו דעם פֿאָלק־אינסטיטוט, און אויף איר שטילן, באַשיידענעם אופֿן האָט זי צוגעטראָגן איר חלק אַרבעט. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אַן דעם פֿרויען־לייענקרײַז בײַ דעם אינסטיטוט. ביזן הײַנטיקן טאָג, שוין פֿולע 27 יאָר, האָט סאָניע שטיין קיין מאָל נישט דורכגעלאָזן אַן אָונט, ווען דער לייענקרײַז קומט זיך צוזאַמען.

ל. מ. שטיין און סאָניע שטיין האָבן געזאָרגט, אַז זייערע צוויי גערעטענע טעכטער, אַנעט און מרים, זאָלן קריגן אַ ייִדישע דערציִונג. טאַטע־מאַמע האָבן אײַנגעפֿירט, אַז ייִדיש לשון זאָל גערעדט און געהערט ווערן אין דער היים.

זייער הויז־ביבליאָטעק איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אונדזערע קלאַסיקער: מענדעלע, שלום־עליכם, י. ל. פּרץ, אַבֿרהם רייזען און נאָך און נאָך. שטיינס פּריוואַטע ביבליאָטעק איז געוואָרן דער שם־דבֿר בײַ אונדז אין שיקאַגאָ. די דאָזיקע ביבליאָטעק איז פֿאַר אַלעמען געווען אָפֿן.

די חבֿרים שטיין האָבן אויפֿגעקליבן בײַ זיך אַ שיינע קאָלעקציע פֿון קונסטבילדער, געמעלן פֿון באַרימטע קינסטלער. זיי האָבן אַ זאַמלונג פֿון בילדער פֿון ה. גליצענשטיין, טאַדעוס געלער, מאַרק שאַגאַל, דוד בעקער, י. שוואַרץ און אַ סך אַנדערע אַרטיסטן — אייל־בילדער, וואַסער־קאָליר־בילדער, האָלצשניצן, ליטאָגראַפֿיע, קויל־בילדער און אַנדערע. כּמעט אַלע זייערע בילדער האָבן אַ ייִדישן מאָטיוו, אַ ייִדישן צוגאַנג, אַ ייִדישן נוסח.

די חבֿרים שטיין האָבן אײַנגעפֿירט בײַ זיך אין הויז פֿרײַטיק־צו־נאַכטיקע לעקציעס. באַוווּסטע שרײַבער, וועלכע פֿלעגן באַזוכן שיקאַגאָ, האָבן זיך באַטייליקט אין די דאָזיקע פֿרײַטיק־צו־נאַכטן. אַ געקליבענער עולם און אויך יוגנטלעכע האָבן באַזוכט די לעקציעס.

ל. מ. שטיין צייכנט זיך אויס מיט זײַן אומדערמידלעכער אַרבעט לטובֿת ייִוואָ, לטובֿת דעם קולטור־קאָנגרעס און אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ער גיט זיך אָפּ בכל לבֿ ונפֿש צו פֿאַרשענערן דאָס ייִדישע לעבן אין אַמעריקע און נישט נאָר אין אַמעריקע.

כּה לחי, ל. מ. שטיין, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר — ער און זײַן סאָניע.

# ל. מ. שטיין – אַ שם־דבֿר

ד״ר שמואל נ. בלומענפֿעלד (שיקאַגאָ)

דער נאָמען שטיין איז געוואָרן אַ שם־דבֿר פֿאַר פֿרוכטבאַרע, ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. ס׳איז נישט מער ווי רעכט, אַז די ייִדישע געזעלשאַפֿט זאָל ריכטיק אָפּשאַצן די בײַשטײַערונגען פֿון דעם וויכטיקן יובילאַר.

מיר, אין קאָלעדזש פֿאַר ייִדישע לימודים, זענען ספּעציעל דאַנקבאַר ל. מ. שטיינען, ווײַל ווי אַן אינסטיטוציע פֿון העכערע ייִדישע לימודים ווייסן מיר ווי וויכטיק ס׳איז צו דערמוטיקן שאַפֿנדיקע ייִדישע ליטעראַריש־אַרטיסטישע כּוחות אויפֿן אַמעריקאַנער באָדן.

אין נאָמען פֿון מײַנע חבֿרים־מיטאַרבעטער אין קאָלעדזש ווינטש איך ל. מ. שטיינען אַריכות ימים, געזונט און מוט פֿאַרצוזעצן זײַן וויכטיקע אַרבעט בכּרם תּרבות ישׂראל.

# אַ חשבון פֿון 20 יאָר

**ה. פּופּקאָ** (ניו־יאָרק)

ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער פֿאַרנעמט ל. מ. שטיין אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן אָרט אין דעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין שיקאַגאָ. עס איז כּמעט אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער און קולטור־טעטיקייט אין וועלכע ל. מ. שטיין איז אַקטיוו באַטייליקט, מיט ראַט און טאַט, אין משך פֿון זײַן לאַנגיאָריקער פֿרוכטבאַרער אַרבעט.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך פּערזענלעך צו טרעפֿן מיט ל. מ. שטיינען עטלעכע מאָל, זיך נעענטער צו באַקענען און באַפֿרײַנדן מיט אים. יעדן מאָל האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקער קולטור־אַנגעלעגנהייט. מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט אים איז געווען מיט 20 יאָר צוריק, ווען איך בין, אין 1934, געקומען קיין אַמעריקע אין שליחות פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין ווילנע און איך האָב באַזוכט שיקאַגאָ. אין די שפּעטערדיקע יאָרן (1939־1940) איז מיר אויסגעקומען ווידער צו זײַן אין שיקאַגאָ און זיך טרעפֿן מיט פֿרײַנד ל. מ. שטיין אין די ענינים פֿון „ציקאָ" (די דעמאָלט נײַ געגרינדעטע צענטראַלע ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע) און אין די ענינים פֿון דער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע.

מיט אַ געפֿיל פֿון אויפֿריכטיקער דאַנקבאַרקייט און פֿרײַנדשאַפֿט דערמאָן איך די אַלע מײַנע באַגעגענישן און די אויפֿמערקזאַמקייט און וואַרעמקייט מיט וועלכע פֿרײַנד ל. מ. שטיין האָט זיך באַצויגן צו די אַלע ענינים מיט וועלכע איך פֿלעג צו אים קומען און אַזוי אויך צו מיר פּערזענלעך, דעמאָלט נאָך אַ פּנים חדשות אין אַמעריקע.

זײַענדיק אַליין זייער אַ פֿאַרנומענער מענטש אין זײַן אייגענעם געשעפֿט, האָט פֿרײַנד ל. מ. שטיין אַלע מאָל געפֿונען צײַט, ווען איך פֿלעג קומען צו אים מיט מײַן „פּעקל", און קומען פֿלעג איך גאַנץ אָפֿט, און יעדן מאָל פֿלעגט ער מיט פֿאָטערלעכער וואַרעמקייט און טיפֿן אינטערעס העלפֿן בײַקומען שוועריקייטן, וואָס זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך בײַ יעדער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט.

און איך בין דאָך נישט געווען דער איינציקער פֿאַרטרעטער פֿון ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס. שטענדיק קומען קיין שיקאַגאָ שלוחים פֿון פֿאַרשיידענע וויכטיקע ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס, סײַ אַמעריקאַנער און סײַ פֿון אַנדערע לענדער. האָט מען שוין געוווּסט און מען ווייסט אין די ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן, אַז ל. מ. שטיין אין שיקאַגאָ איז אַ וויכטיקער אַדרעס. פֿלעגט מען טאַקע גאַנץ אָפֿט צו אים זיך ווענדן און ער האָט יעדן מאָל מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט און פּינקטלעכקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אים, געענטפֿערט אויף בריוו און אַרויסגעהאָלפֿן אין אַלע ענינים, מיט וועלכע מען פֿלעגט צו אים קומען. און אַז ל. מ. שטיין נעמט אויף זיך אַן ענין — ווערט עס זיכער דערליידיקט, און אַז ער זאָגט וואָס צו, ווערט עס דורכגעפֿירט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. אויף זײַן וואָרט און אויף זײַן צוזאָג קען מען זיך פֿאַרלאָזן.

ווען מען שרײַבט וועגן יובילאַרן איז מען אַ מאָל מגזם. עס איז מײַן טיפֿע איבערצײַגונג, אַז די אַלע שבֿחים, וואָס נאָענטע פֿרײַנד און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס וועלן בײַ דער איצטיקער געלעגנהייט זאָגן וועגן בעל־היובֿל, זײַנען ניט איבערגעטריבן נאָר כּשר פֿאַרדינטע. ל. מ. שטיין געהערט באמת צו די זעלטענע טוער, וואָס זײַנען זיך מתעסק בצרכי צבור באמונה.

איך שליס זיך אָן צו דער גרויסער משפּחה פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס און פּערזענלעכע פֿרײַנד פֿון ל. מ. שטיין מיט אַ האַרציקער באַגריסונג און אויפֿריכטיקע ברכות צו זײַן 70־יאָריקן יובֿל. איך ווינטש זײַן משפּחה און אויך אים ער זאָל נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן זײַן געזונט, מונטער און פֿאַרזעצן זײַן וויכטיקע טעטיקייט פֿאַר דער ייִדישער שול, פֿאַר דער ייִדישער קולטור און פֿאַר דער ייִדישער שפּראַך.

## ל. מ. שטיין דער מאמין

**מאַטעס דייטש**

(לאָס־אַנדזשעלעס)

איך באַגריס דעם פֿרײַנד ל. מ. שטיין צו זײַן 70יאָריקן יובֿל.

אין דער וועלט פֿון א מ ו נ ה איז דער יחיד גאַנץ. כּדי צו זײַן אַ פֿאַרלעגער פֿון ייִדישע ביכער, מוז מען זײַן אַ גרויסער מאמין. ל. מ. שטיינס שיינע אויסגאַבעס זײַנען דער קערנדיקסטער באַווײַז פֿון דעם.

איך שיק ל. מ. שטיינען מײַנע האַרציקסטע ברכות.

# אשרי האיש...

י. ל. גרוזמאַן (בוענאָס־אײַרעס)

ווויל איז צו דעם מענטש וועגן וועלכן אַ שרײַבער באַדאַרף נישט קנייטשן מיטן שטערן און אַוודאי נישט קרומען מיט דער נשמה, בעת ער וויל און באַדאַרף אָנשרײַבן אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן אים.

איך מאַך די דאָזיקע הקדמה אין שײַכות מיט אַ בריוול, וואָס האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ל. מ. שטיין איז די טעג אַלט געוואָרן 70 יאָר, און אַז מען גרייט זיך צו פֿײַערן דעם דאָזיקן געבוירן־טאָג זײַנעם.

און הגם מען איז פֿאַרטאָן אין אַרבעט און אין דאגות־פּרנסה (דאגות־פּרנסה איז בעוונותנו הרבים אויך אַ וויכטיקער ענין פֿאַר אַ יידישן שרײַבער) — האָט עס מיך אַ צי געטאָן צו דער פֿעדער. און גלײַך ווי דער שבת־קודש אַליין וואָלט מיט אַ מאָל אַרײַנגעקומען אין דײַן הויז, און דער טיש וואָלט פּלוצעם מיט כלערליי מעדני מלך און אויסטערלישע משקאות פֿאַרפֿולט געוואָרן...

פֿון שטיינען, מײַנע פֿרײַנד, קוועלט און קוואַלט אַ סך מים חיים, אַ סך מעלות טובֿות. מען דאַרף ניט קאַלופּען און דלופּען מיט דער פֿעדער און אויך ניט אויפֿהייבן דעם... שטערן (זעצער, מאַך נישט קיין טעות — נישט ש ט ע ק ן, נאָר שטערן) בכדי צו געפֿינען אַ גוט וואָרט.

פֿאַרקערט, מען דאַרף די פֿעדער גאָר צוימען, בכדי זי זאָל זיך נישט צעגאַלאָפּירן מיט צו פֿיל שבֿחים (הגם דורכויס פֿאַרדינטע) צו אַ מענטשן, וועלכער האָט כל ימיו געטאָן, און טוט זײַן אַרבעט מיט אַזוי פֿיל באַשיידנקייט און עניוות, אַז דער מינדסטער הויך קלינגענדיקער לויב, קאָן אַ מאָל אים פּוגע זײַן.

וועגן ל. מ. שטיינען, מיט וועמען איך בין באַפֿרײַנדט פֿון 1935, האָב איך גראָד זייער אַ סך צו זאָגן און צו דערציילן.

ער איז איינער פֿון די ווייניקע קולטור־טוער אין אַמעריקע, וועלכער איז קיין מאָל נישט יוצא און מוציא זײַן קולטור־אַרבעט מיט שיינע רייד און דבֿרים בעלמא...

ער איז פֿון די געציילטע, פֿון די יחידי־סגולה אויף דעם קאָנטינענט, וואָס קליידט שטענדיק אָן זײַן וואָרט מיט מעשׂים.

איך קאָן אים גוט, אָט דעם שטילן און איידעלן בעל־יובֿל אונדזערן!

איך האָב אים געזען בײַ דער ייִוואָ־אַרבעט אין יאָר 1935 און 1947, און גאָר באַזונדער אין 1949, בעת איך האָב אין שליחות פֿון קולטור־קאָנגרעס געפֿירט אַן אַקציע אין שיקאַגאָ.

דער דאָזיקער פֿיזיש־שוואַכער מענטש האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר מיר ווי אַ גיבור, ווי אַ מענטש מיט שטאָלענעם ווילן און גײַסטיקער גבֿורה, וואָס איז גובֿר אַלע מכשולים, וואָס אויף זײַן וועג.

שטענדיק, ווען ס'האָט זיך נאָר געהאַנדלט אין מעשׂים, אין פּראַקטישע קולטור־אַרבעטן, האָט עס אים פֿון בעט אַראָפּגעשלעפּט און קראַנקערהייט פֿלעגט ער כמעט איינער אַליין דורכפֿירן די קולטור־אַקציעס, וואָס אַ ספּעציעל געשאַפֿענער קאָמיטעט האָט „געזאָלט" און „באַדאַרפֿט" דורכפֿירן...

די טיפֿע ליבשאַפֿט צו ייִדישער יצירה, ווי זײַן גרענעצלאָזע איבערגעגעבנקייט צו די פֿונדאַמענטאַלע קולטורווערטן פֿון אונדזער פֿאָלק, איז געווען דער באַוועגכּוח, וואָס האָט אים געבראַכט אין די רייען פֿון די פֿאַרפֿעסטיקערס און בויערס פֿונעם ייִדישן קולטור־לעבן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און דורך זײַנע איידעלע מידות און וווּנדערלעכע קולטור־אויפֿטוּונגען, איז ער באַליבט און מפֿורסם געוואָרן אין גאָר דער ייִדישער וועלט.

## ער באַזאָרגט אַלעמען מיט ייִדישע ביכער

ד"ר יהודה ראָזענטאַל (שיקאַגאָ)

צוזאַמען מיט דער גאַנצער ייִדישער שיקאַגאָ פֿײַערט אויך די ליף־ביבליאָטעק בײַם „קאָלעדזש פֿאַר ייִדישע לימודים" דעם יובֿל פֿון זיבעציקסטן געבוירן־טאָג פֿון דעם פֿאָלקסטימלעכן קולטור־עסקן, האַרציקן מענטש און באמתדיקן ייִדישן ייִד, ל. מ. שטיין.

שוין בײַ מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט דעם בעל־היובֿל אין פֿרילינג 1944, האָט ער געלאָזט אין מיר אַ טיפֿן אײַנדרוק מיט זײַן אויפֿריכטיקן און פּשוטתדיקן כאַראַקטער, ווי אויך מיט זײַן שטאַרקער ליבע צום ייִדישן וואָרט און ייִדישן בוך. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פֿאַר דער זאַמלונג פֿון ייִדישע ביכער אין אונדזער ביבליאָטעק און ער איז געוואָרן איינער פֿון אירע געטרײַסטע פּאַטראָנען. אַ דאַנק אים האָט די ביבליאָטעק די רײַכסטע זאַמלונג פֿון ייִדישע ביכער אין אונדזער שטאָט.

מיר ווינטשן דעם בעל־היובֿל אַריכות ימים, אַ געזונטע עלטער און ווײַטערדיקע שעפֿערישע טעטיקייט פֿאַרן ייִדישן וואָרט און ייִדישן בוך.

# דער טרעגער פֿון אַ גרויסער ייִדישער טראַדיציע

ד״ר מאיר וואַקסמאַן (שיקאַגאָ)

ווען ליטעראַטור בײַ ייִדן האָט אויפֿגעהערט צו זײַן אַ מינדלעכע (אויסער דער ביבל, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ שריפֿטלעכע), איז איר אַנטוויקלונג געווען פֿיל אָפּהענגיק פֿון דעם אינטערעס, וואָס יחידי־סגולה — מענטשן פֿון גײַסט און ליבע צום געשריבענעם וואָרט — האָבן אַרויסגעוויזן צו איר וווקס. מיר רופֿן די מענטשן מיט אַ געבאָרגטן נאָמען — מעצענאַטן. נאָר אַ דאַנק זיי האָט זיך געקענט אַנטוויקלען אַ גרויסע און פֿאַרצווײַגטע ליטעראַטור בײַ אונדזער פֿאָלק. זיי זײַנען געוועןווירקלעכע שותּפֿים צו די מחברים פֿון דער ליטעראַרישער שאַפֿונג.

מיר קענען ניט דענקען וועגן דעם גרויסן ליטעראַרישן פּעריאָד אין שפּאַניע, וועלכן מיר רופֿן געווײנטלעך „די גאָלדענע עפּאָכע", אָן דער שותּפֿות פֿון מעצענאַטן. נאָר אַ דאַנק דעם גרויסן ליבהאָבער פֿון לימעראַטור ר׳ חסדאי אבן שאַפּרוט האָט זיך געקענט אָנפֿאַנגען צו אַנטוויקלען אין שפּאַניע העברעיִשע פּאָעזיע און שפּראַךוויסנשאַפֿט דורך די דיכטער און מדקדקים מנחם בן סרוק און דונש בן לברט. דער גרויסער דיכטער ר׳ שלמה אבן גבירול האָט געקענט געבן דער וועלט זײַנע ווונדערלעכע פּאָעמען אין אַ גרויסער מאָס דורך דער הילף פֿון זײַן שטיצער יקותיאל אבן האַסאַן, וועמענס טויט ער באַקלאָגט אין אַ טיף רירנדיק ליד. אַזוי איז אָנגעגאַנגען דורך דורות.

אין אונדזערע צײַטן זײַנען, צום באַדויערן, אַזעלכע ליטעראַרישע שותּפֿים געוואָרן ווייניק. עס איז דעריבער דערפֿרייענדיק צו זען ווי די דאָזיקע גרויסע ייִדישע טראַדיציע איז נאָך נישט אין גאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן. אין אונדזער שטאָט שיקאַגאָ פֿאַרקערפּערט ל. מ. שטיין די דאָזיקע טראַדיציע אין פֿולן זינען פֿונעם וואָרט. זײַן איבערגעגעבנקייט צו דעם ייִדישן וואָרט אין אַלע דרײַ שפּראַכן איז אויסערגעוויינטלעך. נישט נאָר שפּאָרט ער ניט קיין געלט אַרויסצוגעבן ייִדישע ביכער — ער לייגט אויך אַרײַן אין דער דאָזיקער אַרבעט אַ טייל פֿון זײַן נשמה.

באַזוכנדיק אים עטלעכע מאָל האָב איך באַמערקט, אַז ווי פֿאַרנומען ער זאָל נישט זײַן מיט זײַנע געשעפֿטן, האָט ער שטענדיק צײַט פֿאַר אַ ליטעראַרישן אָדער קולטורעלן צוועק. עס דוכט זיך, אַז זײַן געשעפֿט איז נאָר אַ בײַזאַך בײַ אים. דער גײַסט זײַנער שוועבט כּמעט שטענדיק אין דער וועלט פֿון ליטעראַטור און קולטור, צו וועלכע זײַן ליבע איז אומבאַגרענעצט.

און איצט — נאָך פֿערציק יאָר פֿון גרויסער און וויכטיקער קולטור־אַרבעט — ווען ער האָט דערגרייכט דעם עלטער פֿון זיבעציק יאָר, איז עס ווירקלעך אַ יום־טובֿ פֿאַר דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור.

מיר ווינטשן אים אַריכת ימים, געזונט און — ווי אַ צוגאָב — נאָך אַ ברכה, וועלכע ער וועט געוויס שאַצן: דאָס איז די ברכה, וואָס דער תּהילים ווינטשט דעם צדיק אויף דער עלטער, נעמלעך „עוד ינובון בשׂבֿה", ד״ה אויך אין די יאָרן נאָך שׂבֿה (דער ביבלישער טערמין פֿאַר זיבעציק יאָר) זאָל זײַן גײַסט און טעטיקייט אַרויסברענגען גוטע פּרוכט דורך פֿאַרזעצן זײַן אַרבעט צו באַרײַכערן די ייִדישע ליטעראַטור און קולטור נאָך פֿיל, פֿיל יאָרן.

# אַ סטימולירנדיקער כּוח

יעקבֿ הערש פֿישמאַן (ניו־יאָרק)

מעג דער פּאַספּאָרט ווײַזן 70, זעען מיר אָבער אין ל. מ. שטיינען אַלץ נאָך דעם יונגן־מאַן מיט ענערגיע און ברען פֿאַרן לעבן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פֿון די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס.

ל. מ. שטיין איז אַ גרויסער סטימולירנדיקער כּוח אין אונדזער לעבן!

איך האָב שטיינען געזען בײַ געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט אין שיקאַגאָ, געזען אים צוויי מאָל אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע צוויי יאָר. איך האָב אין אים געזען דעם ייִנגסטן פֿון אַלע — אַ געוואַלדיקע אומרויִקייט פֿון אַ מענטש, וואָס פֿאַרלאַנגט עפּעס העכערס.

איך האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן צו פֿאַרברענגען עטלעכע מאָל מיט שטיינען אין שמועסן וועגן ייִדישן בוך און ייִדישן שרײַבער. עס איז געווען אַ גרויסער נחת־רוח, וואָס איך וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן: אַזוי פֿיל ליבשאַפֿט צום געשליפֿענעם, קינסטלערישן וואָרט און צו זײַן מײַסטער!

# די שטיינס – זיי אַליין, זייער הויז און זייער היים

ד״ר עזריאל נאַקס (ניו־יאָרק)

עס זיינען פֿאַראַן הונדערטער מענטשן, וואָס פֿאַר זיי באַצייכנט דער נאָמען ל. מ. שטיין ניט בלויז אַ וויכטיקן און וווּנדערלעכן ייִדישן קולטור־טוער, נאָר אויך אַ נאָענטן, טייערן און האַרציקן פֿריינד — אַ נאָמען, וואָס רופֿט אין זיי אַרויס אַ זיסע דערמאָנונג און אַ וואַרעמע פֿרייד.

ס׳איז, דוכט מיר, נישטאָ אין אַמעריקע קיין איין שרייבער אָדער לעקטאָר, וואָס האָט ווען עס איז באַזוכט שיקאַגאָ, וואָס ל. מ. שטיינס הויז זאָל אים זיין פֿרעמד און וואָס האָט ניט פֿאַרלאָזט שיקאַגאָ מיטן חשק ווידער אַ מאָל צו באַזוכן די שטאָט, כּדי זיך ווייטער צו טרעפֿן מיט דער שטיין־פֿאַמיליע.

געוויינטלעך פֿאַלט אונדז גאָרניט איין, אַז ס׳איז דאָ אַ חילוק צווישן די באַגריפֿן הויז און היים. אין דער אמתן איז דאָך הויז בלויז אַ פֿיזישער פֿאַקט — אַ פֿונדאַמענט, ווענט, אַ סטעליע, אפֿשר מעבל. אָבער היים איז שוין אַ גייסטיקע ווירקלעכקייט — די זעלבע ווענט און סטעליע, אָבער אויך מענטשן מיט זייער פֿרייד און צער, עלטערן און קינדער, אַ געוועב פֿון ווערטן און אידעאַלן, וואָס ווערן געפֿלאָכטן אין די היימען, דער איידעלער אָטעם פֿון אייביקייט, וואָס פֿאַרבינדט אַלט און יונג, און באַזינט און באַזוניקט דאָס לעבן.

זעלטן דערשפּירט מען אַזוי שטאַרק דעם אונטערשייד צווישן היים און הויז ווי דעמאָלט ווען מען פֿאָרט אַרום פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון אָרט צו אָרט — אומעטום אַ פֿאַרבייגייער, אַ גאַסט אויף אַ רגע.

און מערקווערדיק — וואָס וואָגיקער ס׳איז די שליחות, וואָס חשובֿער ס׳איז דער ציל, צוליב וועלכן מען „שפּאַנט" פֿון איין צענטער צום צווייטן, אַלץ טיפֿער איז די בענקשאַפֿט און אַלץ היפּשער איז דער דיסאָנאַנס צווישן הויז און היים.

עס דערקלערט זיך דערמיט וואָס קולטור, די וועלט פֿון אידעאַלן — און דאָס איז דאָך בדרך־כּלל אונדזער „שליחות" — איז לויט איר טבֿע אַ וועלט, וואָס געפֿינט זיך ניט בלויז אין דרויסן, מחוץ אונדז, נאָר אויך אינעווייניק, אין אונדז, צינדט אָן אין אונדז כּסדר אַזאַ פֿייער, וואָס באַלייכט פֿאַר אונדז די אויסערלעכע סבֿיבֿה, און דערלאָזט אונדז זען די קרובֿישאַפֿט, וואָס ס׳איז דאָ צווישן אונדז און איר.

אין דער חבֿרשאַפֿט פֿון אייגענע, אין דער וואָרצלדיקייט פֿון היים, ווערט דאָס פֿייער גענערט, און אין דער ליבשאַפֿט פֿון אַרומיקע לייכט אונדזער וועלט פֿון קולטורווערטן און אידעאַלן העלער און העלער.

דער, וואָס פֿאָרט אַרום בחיפּזונדיק; דער, וואָס באַגעגנט זיך מיט מענטשן און מיט די אָביעקטיווע פֿאַרקערפּערונגען פֿון זייערע אידעאַלן אין אָוונט און געזעגנט זיך מיט זיי אין דער פֿרי — פֿאַר אַזאַ איז דאָס, וואָס ער דערבליקט, מער הויז ווי היים, און ער בענקט דעריבער נאָך היים.

שטיינס הויז איז אַלע מאָל געווען אַ היים פֿאַרן גאַסט. די אַטמאָספֿער אין הויז — די ביכער, די קונסטבילדער אויף די ווענט, די שטילע רויקייט — האָט שוין גורם געווען, אַז אַלע מחיצות זאָלן פֿאַרשווינדן. מען ווייסט, אַז מען איז מיט נאָענטע, און דאָס געמיט איז יום־טובֿדיק.

פֿאַר וואָס? ווי אַזוי?

ס׳איז ניט שייך אויסצורעכענען אַלע פּרטים. סוף־כּל־סוף איז יעדער ווונדער סוד און חלום. ס׳איז דער סוד פֿון אַ שמייכל, פֿון אַ וואַרעמען האַנטדרוק, פֿון אַ וואָרט פֿון אויפֿמונטערונג, וואָס ווערט אַפֿילו נים אַרויסגערעדט. ס׳איז אַ סוד, וואָס געהערט ל. מ. שטיינען און זיין פֿרוי סאָניען און זיינע טעכטער אַנעט און מרים.

באַגריסן שטיינען מיינט אויך באַגריסן סאָניען — אָט דעם ליבן, איידעלן און האַרציקן מענטשן.

וועגן דעם גריכישן דענקער דיאָגענעס ווערט דערציילט, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען אין אַטען מיט אַ לאַמטערן און האָט געזוכט אַ מענטשן. אויב ס׳איז דאָ אַן איצטיקער דיאָגענעס בין איך גרייט אָנצווייזן אויף סאָניע שטיין און זאָגן: אָט איז אַ מענטש — אַ ליבער און איידעלער און האַרציקער מענטש.

ס׳איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז שטיין איז אַ בן־שבֿעים. אין גייסט און געמיט עלטערט ער זיך ניט. ס׳איז דאָ ביי אים אַ פֿרישקייט און אַ האָפֿענונגספֿולקייט און אַ גרייטקייט צו מעשׂים. דער בעסטער און בולטסטער סימן דערפֿון איז די ל. מ. שטיין־ביבליאָטעק, וואָס ער האָט ערשט לעצטנס עטאַבלירט.

איך טראָג אים אַנטקעגן — אים און זיין פֿרוי סאָניע — דאַנקבאַרקייט און פֿריינדשאַפֿט און ליבשאַפֿט אין ביידע הענט מיינע און אין האַרצן.

# אַ וויזיט וואָס געדענקט זיך

**שׂרה רייזען** (ניו־יאָרק)

דאָס איז געווען מיט אַן ערך צוואַנציק יאָר צוריק, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אויפֿן צווייטן יאָר נאָך מײַן קומען קיין אַמעריקע.

איך האָב באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין שיקאַגאָ. אָבער אין שיקאַגאָ האָב איך קיינעם נישט געקענט. איך האָב זיך געווענדט צו פֿרײַנד ל. מ. שטיין. גלײַך האָב איך געקראָגן אַן ענטפֿער אויף מײַן בריוו: אַ פֿרײַנדלעכע אײַנלאַדונג, אַז איך זאָל קומען. איך האָב זיך גענומען קלײַבן אין וועג אַרײַן. צו פֿרײַנד שטיין האָב איך געשריבן, אַז איך וועל האַלטן אין האַנט די צײַטונג ווילנער טאָג. דאָס וועט זײַן דער סימן, אַז איך בין איך.

און אָט בין איך אויפֿן שיקאַגער וואָקזאַל. אין האַנט האַלט איך דעם ווילנער טאָג. עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מאַן מיט ליכטיקע אויגן און אַ פֿרײַנדלעכן שמייכל.

— שׂרה רייזען?

— יאָ.

פֿון זײַן פֿרײַנדלעכקייט ווערט מיר וואַרעם אויפֿן האַרצן. מיר דאַכט זיך, אַז איך קען אים שוין פֿון לאַנג.

און אָט בין איך שוין בײַ די שטיינס אין הויז. איך קוק זיך אַרום. איך באַקען זיך מיט פֿרוי סאָניע שטיין. זי קוקט מיר אויס אַזוי היימיש, און אָט זײַנען די צוויי יונגע טעכטער מרים און אַנעט.

פֿאַר מיר איז צוגעגרייט אַ צימער. אויפֿן שרײַבטיש איז צוגעגרייט פּאַפּיר און פֿעדער, אַפֿילו פּאָסטמאַרקעס און קאַרטלעך. איך בין טיף גערירט פֿון דעם אַלעם. אויף דער ווייכער סאָפֿע איז צוגעגרייט פֿאַר מיר אַ געלעגער. איך דערפֿיל זיך מאָדנע היימיש — ווי איך וואָלט געקומען צו לײַבלעכע שוועסטער־און־ברודער. דעם זעלבן אָוונט האָב איך געהאַט אַ פֿאָרלעזונג אין שלום־עליכם־אינסטיטוט. ס'איז געווען אַ פֿרײַנדלעכע, אַ יום־טובֿדיקע אויפֿנאַמע.

אַ גאַנצן חודש צײַט האָב איך פֿאַרבראַכט בײַ די שטיינס אין הויז. פֿאַר דער צײַט האָט זיך פֿרײַנד שטיין אויפֿגעשריבן מיט אַנדערע שטעט, ווו איך בין געפֿאָרן און געהאַלטן רעפֿעראַטן. פֿרײַנד ל. מ. שטיין האָט געהאַט זייער פֿיל מי אײַנצואָרדענען די אַלע אָוונטן, אָבער ער האָט עס אַלץ געטאָן, ווי אַ לײַבלעכער ברודער — גרינג און גאַסטפֿרײַנדלעך. פּונקט אַזוי ליב און גאַסטפֿרײַנדלעך איז געווען די פֿרוי שטיין. עס פֿאַרדריסט מיר באמת, וואָס איך האָב נישט פֿאַרצייכנט יעדן טאָג פֿון מײַן זײַן אין שיקאַגאָ. די פֿרײַנד שטיינס האָבן אָרגאַניזירט מײַנע אויפֿטרעטונגען בײַ די פֿרויען־לייענקרײַזן, אין דער ביבליאָטעק און אַן אָפּשייד־אָוונט.

איך געדענק די דאָזיקע פֿרײַנדלעכקייט און דערמאָן עס מיט ליבשאַפֿט אַלע מאָל.

# אַ גוטע געלעגנהייט

**בערטע קלינג** (ניו־יאָרק)

ווען אַלע יובילאַרן וואָלטן געווען אַזעלכע עכטע גוטע מענטשן ווי עס איז ל. מ. שטיין, וואָלט עס תּמיד געווען אַ פֿרייד און אַ גרויס פֿאַרגעניגן צו באַגריסן בעלי־היובֿל. ל. מ. שטיינען צו באַגריסן איז אַ גרויס פֿאַרגעניגן!

איך וויל בײַ דער געלעגנהייט איבערגעבן אַ פּערזענלעכע דערפֿאַרונג, וואָס איך האָב געהאַט בײַ מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט די שטיינס.

דאָס איז געווען בערך מיט אַ יאָר פֿערצן צוריק. איך בין געווען אין שיקאַגאָ אויף אַ באַזוך בײַ מײַנע ליבע פֿרײַנד, די פּראָוואָטינערס — די שוועסטער און דער שוואָגער פֿון פּרץ הירשביין.

איך האָב נאָך דעמאָלט די ליבע שטיינס ניט געקענט. איז פֿאַר מיר געווען אַ גרויסע פֿרייד און נאָך אַ גרעסערע איבערראַשונג די אויפֿנאַמע, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן. איך וועל קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן זייער האַרציקע גאַסטפֿרײַנדלעכקייט און די פֿרייד וואָס זיי האָבן מיר פֿאַרשאַפֿט.

איך בין זיכער ניט די איינציקע, וואָס איז אַוועק פֿון זיי מיט אַזוי פֿיל דאַנקבאַרקייט. איך האָב אַלע מאָל געגאַרט זיי זאָלן וויסן די וואַרעמקייט, וואָס איך פֿיל צו זיי פֿאַר יענעם אָוונט, וואָס זיי האָבן פֿאַר מיר צוגעגרייט.

איך בין זייער דאַנקבאַר פֿאַר דער געלעגנהייט און פּריווילעגיע, וואָס ווערט מיר איצט געגעבן, צו קענען אויסדריקן מײַן ברכה צום יובילאַר און זײַן ליבער פֿרוי סאָניע. איך ווינטש זיי ביידן נאָך אַ סך געזונטע גליקלעכע און שיינע יאָרן.

# מתּן בסתר

י. מעלאַמדאָוויטש (שיקאַגאָ)

צווישן אַ סך גוטע ייִדישע מידות, וואָס זײַנען אין רוישיקן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע פֿאַרלוירן געגאַנגען, איז איינע פֿון די ערשטע געפֿאַלן אַ קרבן די מידה פֿון מתּן בסתר — פֿון געבן צדקה אין דער שטיל, קיינער זאָל ניט וויסן ניט פֿון געבער און ניט פֿון נעמער. אָט די מידה, איינע פֿון די זעלטנסטע טיף מענטשלעכע מידות פֿון דער ייִדישער מאָראַל, איז אין אַמעריקע צווישן ייִדן כּמעט פֿאַרשוווּנדן.

צדקה געבן? — אַוודאי. דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום גיט בדרך־כּלל צדקה מיט אַ פֿולער האַנט אויף די פֿאַרשיידנסטע הצטרכותן. דער ייִד אין אַמעריקע האָט אַ וואַרעם האַרץ און רופֿט זיך אָפּ אויף יעדן רוף און ענטפֿערט אויף יעדן „אַפּיל". אָבער וויפֿל זײַנען זיי פֿאַראַן די יחידים־מנדבֿים, וואָס פֿאַרלאַנגען ניט מען זאָל זייערע נעמען פּראָמינענט פֿאַרצייכענען און זייערע בײַשטײַערונגען בקול רם אַנאָנסירן?

אויב בײַ אַלערליי פֿילאַנטראָפּישע צוועקן קאָן מען נאָך דאָ אָדער דאָרט געפֿינען אַ יחיד במינו, וואָס האַלט פֿון דער מידה פֿון מתּן בסתר, וועט איר צווישן די מנדבֿים אויף אַנדערע ייִדישע צוועקן אַזעלכע ניט אָנציילן אויף די פֿינגער פֿון איין האַנט. אַגבֿ: די צאָל גרעסערע מנדבֿים, וואָס האָבן אַ פֿאַרשטענדעניש פֿאַר ייִדישע קולטור־באַדערפֿענישן איז צו אונדזער ווייטיק בכלל זייער קליין.

צו די געציילטע ייִדישע מנדבֿים, וואָס שטיצן די ייִדישע קולטור־באַוועגונג מיט אַ פֿולער האַנט, מיט אַ וואַרעם האַרץ און מיטן אַבסאָלוטן אײַנשטעל פֿון מתּן בסתר געהערט אָן ספֿק אונדזער שיקאַגער בן־עיר ל. מ. שטיין.

פֿאַראַן אין ייִדישן שיקאַגאָ הונדערטער פֿילפֿאַכיק רײַכערע ייִדן ווי ל. מ. שטיין. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס גיבן יאָ און אַזעלכע בײַ וועמען מען דאַרף אַרויסקריגן אַ פּאָר דאָלאַר, און אויך אַזעלכע, וואָס ווילן בשום אופֿן אויף קיין שום צוועק נישט געבן, בפֿרט פֿאַר ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס. אָבער אַפֿילו די ברייטהאַרציקסטע געבער דאַרף מען אָפֿט אָפּצאָלן מיט שרײַענדיקער רעקלאַמע, מיט אַ פֿולער מאָס כּבֿוד און אָפֿט מאָל, זאָל דאָס ניט זײַן לגנאַי, מיט אַ ברייטער מאָס חניפֿה.

ל. מ. שטיין האָט די מידה פֿון מתּן בסתר געירשנט פֿון אַמאָליקע דורות און טראָגט די מידה אין זײַן האַרץ און נשמה ווי אַ טײַערן אוצר. ער וועט אײַך ניט מוחל זײַן, אויב איר וועט אין אַ מסיבה בפֿרהסיה זאָגן מיט וויפֿל און וועמען ער האָט אין לעצטן יאָר געשטיצט (אָפֿט מיט סומעס וואָס שטײַגן בפֿירוש אַריבער זײַנע פֿינאַנציעלע מעגלעכקייטן).

ל. מ. שטיין האָט ליב דאָס עצם שטיצן ייִדישע קולטור־הצטרכותן. דאָס געבן אַליין איז שוין פֿאַר אים אַ מאָראַלישע און גײַסטיקע באַפֿרידיקונג. טאָ צו וואָס באַדאַרף ער מען זאָל וועגן דעם וויסן אָדער רעדן?

וויפֿל ייִדן, אַ שטייגער, ווייסן אַפֿילו דאָ בײַ אונדז אין שיקאַגאָ פֿאַר וועלכע קולטורנויטן ל. מ. שטיין שטרעקט אויס זײַן האַנט מיט הילף, וועלכע שרײַבער ער האָט געהאָלפֿן אַרויסגעבן ביכער, וועלכע בראָשורן ער האָט אַליין פֿינאַנצירט מיט דרוקן, בינדן, פּאַקן, שיקן און אויך אַ האָנאָראַר פֿאַרן שרײַבער באַזאָרגט? ווער פֿון אונדז ווייסט מיט וויפֿל ס'איז פֿאַרבונדן דער לעצטער גרויסער אויפֿטו — די „ל. מ. שטיין־פֿאָלקס־ביבליאָטעק" בײַם ייִדישן קולטור־קאָנגרעס?

מיט זײַן געציקלטן רונדיקן כּתבֿ ענטפֿערט ל. מ. שטיין צענדלינגער בריוו אַ וואָך. און בריוו קומען אָן פֿון גאָר דער וועלט — מרובים צרכי עמך, בפֿרט ייִדישע שרײַבער און ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס ווייסן גוט זײַן אַדרעס אין שיקאַגאָ און מען שרײַבט בריוו, מען שיקט ביכער. ל. מ. שטיין וועט ניט פֿאַרמײַדן צו ענטפֿערן אויף בריוו און ניט פֿאַרפֿעלן שוין פֿאַר איין וועגס בײַצולייגן אַ טשעק פֿאַר עטלעכע עקזעמפּלאַרן פֿון אַ נײַעם בוך. מיט אַ זעלטענער פּשטות און מיט אַ געפֿיל פֿון מענטשלעכער גוטסקייט און האַרציקער באַשיידנקייט העלפֿט ל. מ. שטיין ווו נאָר ער קאָן און מיט מער וויפֿל ער קאָן.

מיר וואָלטן געקאָנט ברענגען בײַשפּילן אָדער אָנרופֿן נעמען, סומעס, אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען אַ סתּירה צו ל. מ. שטיינס אײַנשטעל און צוגאַנג. ווילן מיר דאָס ניט טאָן און זאָל אויף ווײַטער בלײַבן פֿאַרהוילן וואָס און וויפֿל ער האָט געטאָן פֿאַרן קיום פֿון דער ייִדישער קולטור און דער עקסיסטענץ פֿון ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס. זאָלן בלויז די פּאָר ווערטער זײַן נאָך איין פֿאַרדינטער שבֿח צוגעטראָגן צו זײַן יום־טובֿ, צו זײַנע 70 יאָר. און זאָל ל. מ. שטיינס שׂכר פֿאַר דער גרויסער מיצווה פֿון מתּן בסתר זײַן לאַנגע יאָרן און שעפֿערישע כּוחות ווײַטער צו טאָן די דאָזיקע מיצווה.

# אַ פּאָר ווערטער פֿון אויפֿריכטיקער אָנערקענונג

יוסף ברומבערג (שיקאַגאָ)

ווען איך האָב דערהאַלטן די פֿאַרבעטונג אָנצושרײַבן אַ פּערזענלעכע באַגריסונג פֿאַר ל. מ. שטיינס יובֿל־בוך, האָב איך זיך שטאַרק געקווענקלט. ניט מחמת פֿוילקייט — די סיבה איז געווען אַן אַנדערע: איך קאָן דאָך שטיינען פּערזענלעך אַ קורצע צײַט, ווייניקער פֿון צוויי יאָר. בין איך באַרעכטיקט, האָב איך געטראַכט, צו אַן אָרט אין זײַן יובֿל־בוך? אמת — זײַן נאָמען איז מיר גוט באַקאַנט זינט יאָרן. ווער פֿון די אַלע, וואָס האָבן אַ שײַכות צו יידישע קולטור, האָט ניט געהערט וועגן ל. מ. שטיין?

ווען איך האָב אָבער דורכגעבלעטערט אין מײַן זכּרון די פֿאַרגאַנגענע צוויי יאָר, האָב איך דערפֿילט, אַז ניט נאָר איך בין באַרעכטיקט צו דעם — איך בין אַפֿילו מחויבֿ דאָס צו טאָן.

אין מײַנע 2 יאָר אין שיקאַגאָ איז מיר אָפֿט אויסגעקומען צו טרעפֿן זיך מיט ל. מ. שטיינען אויף פֿאַרשיידענע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער און קולטור־אַרבעט. בײַ די אָפֿטע באַגעגענישן, דוכט מיר, האָב איך דערקענט ל. מ. שטיינען, ווי אַ מענטש און ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכן טוער. און זאָל מיר דערלויבט זײַן צו זאָגן: פֿאַקטיש זײַנען „ביידע שטיינס" איין מענטש. זיי זײַנען, וואָס טרעפֿט ניט צו אָפֿט, ניט צעטיילבאַר. ל. מ. שטיין איז אַ פּערפֿעקטער דזשענטלמאַן. זײַן גראָדליניקייט, ערנסטע און ערלעכע באַציִונג צו אַלץ וואָס ער טוט, זײַן טיפֿע איבערגעגעבנקייט צו דעם יידישן נאַציאָנאַלן המשך, וואָס איז אַזוי אָרגאַניש פֿאַרבונדן מיט דער יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור, בינדן זיך גלײַכצײַטיק מיט אַ גרויסער אַכטונג און אויפֿריכטיקן אינטערעס צו דעם יחיד. ל. מ. שטיין זעט ניט נאָר דעם וואַלד — ער זעט אויך די באַזונדערע ביימער אין דעם וואַלד.

במילא, ווער ס'האָט דאָס גליק צו דערקענען שטיינען נעענטער מוז דערפֿילן צו אים ניט נאָר גרויס דרך־ארץ נאָר אויך פֿרײַנדשאַפֿט.

---

# אָן ליאַרעם

שואל גוטמאַן

(ניו־יאָרק)

עס ווילט זיך מיר איבערשיקן מײַנע האַרציקסטע ברכות דעם גוטן, דעם שטילן, דעם עכטן קולטור־ און קונסט־מענטש, ל. מ. שטיין.

ל. מ. שטיין געהערט צו דער קליינער צאָל קולטור־טוער בײַ אונדז פֿאַר וועמען אַ יידיש בוך, אַ יידיש קונסטווערק, איז נייטיק ניט בלויז צוליב קיום־האומה, נאָר פֿאַר זײַן אייגענער עקסיסטענץ. ער האָט פּשוט אַ טיפֿע באַדערפֿעניש אין די שאַפֿונגען פֿון יידישן גײַסט. ער פֿרייט זיך מיט אַ יידיש ליד, מיט אַ שיינעם עסיי, אַ זאַמלונג יידישע פֿאָלקס־מעשׂיות, ווײַל ער לעבט און אָטעמט מיט קונסט און שאַפֿונג. ער געהערט צו די שטילע, וואָס ליאַרעמען ניט און וואַרפֿן זיך ניט אין די אויגן — ער טוט זײַן אַרבעט אָן ליאַרעם.

אָט דערפֿאַר טאַקע האָט ער אויסגעקליבן פֿאַר זיך אַזאַ „אומפּאָפּולערע" טעטיקייט ווי דאָס יידישע בוך, די יידישע שול, די יידישע קונסט — אַלץ ענינים וואָס זײַנען ניט דער קנין פֿון גרויסע מאַסן, און וואָס קענען ניט געמאָסטן ווערן מיט קוואַנטיטאַטיווע מאָסן.

---

# אמונה

ח. בעז

(ניו־יאָרק)

צווישן די ל״ו־צדיקים, וואָס גייען אַרום אויף אונדזער פֿאַרווירטער וועלט און טוען מיצוות און העלפֿן, האָט זיך ל. מ. שטיין אויסגעקליבן זײַן אייגנאַרטיקן געביט — די קולטור־מיצוות אין אונדזער לעבן: ברענגען פֿאַר דער וועלט די ווערק פֿון אַ יידישן שרײַבער, העלפֿן דער יידישער וויסנשאַפֿט, באַשיינען דאָס יידישע בוך, דער עיקר אָבער — אומעטום אַנטפּלעקן, וואו ער איז נאָר פֿאַראַנען, דעם ניצוץ פֿון יידישן שאַפֿן.

די לעצטע און סאַמע געוואַגטע קולטור־אונטערנעמונג פֿון אונדזער בעל־יובֿל ל. מ. שטיין — די פֿאָלקס־ביבליאָטעק — איז ניט נאָר אַ המשך פֿון אַלע פֿריִערדיקע פּרוּוון, נאָר טאַקע באמת אַ גרויסער פֿאַרמעסט. דער נײַער עקספּערימענט ווײַזט ניט נאָר אויף אמונה אין אונדזער קולטור־קיום ווי אַ פֿאָלק, נאָר אויך אויף אמונה אין אַמעריקע, אין יידישן לעבן אין אַמעריקע.

# אַ דעראינערונג וועגן ל. מ. שטיינען

מינא באָרדאָ־ריווקין (ניו־יאָרק)

ל. מ. שטיין איז ניט נאָר אַ קולטור־טוער און אַ פֿאַרלעגער פֿון ייִדישע ביכער. ער איז אויך אַן איבערגעגעבענער פֿרײַנד צו די שעפֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

איך וויל זיך דאָ טיילן מיט אַ דעראינערונג.

אײדער איך בין געקומען קיין שיקאַגאָ אין 1933 איז מײַן מאַן, ב. ריווקין, געווען דרײַ חדשים צו גאַסט בײַ דער פֿאַמיליע שטיין. ריווקין האָט אַלע מאָל גערעדט וועגן ל. מ. שטיינען מיט ליבע און וואַרעמקייט. אַזוי אויך וועגן סאָניע שטיין און זייערע צוויי טעכטער, אַנעט און מרים.

איין מאָל, אַ פֿרייטיק, האָבן די שטיינס אונדז פֿאַרבעטן צו זיך אין שטוב. מיר האָבן די אײַנלאַדונג אָנגענומען מיט פֿאַרגעניגן.

איך בין בײַ זיי אין שטוב געווען דאָס ערשטע מאָל.

אין עסצימער איז דער גרויסער טיש געדעקט מיט אַ קלאָרן ווײַסן טישטעך. אויפֿן טיש צוויי זילבערנע לײַכטער. די ליכט שוין אָנגעצונדן. דער שבת האָט געשמייכלט אין אַלע ווינקעלעך.

דער באַרימטער סקולפּטאָר ענריקאָ גליצענשטיין איז געזעסן בײַם טיש אויבן אָן, מיט אַ היטל אויפֿן קאָפּ. די אַטמאָספֿער אַ געהויבענע, אַ שבתדיקע.

ל. מ. שטיין זיצט פֿון איין זײַט און ריווקין פֿון דער צווייטער פֿון גליצענשטיינען, און איך לעבן ריווקינען. סאָניע שטעלט אַוועק די שבתדיקע פֿיש אויפֿן טיש. גליצענשטיין מאַכט קידוש איבער אַ כּוס ווײַן מיטן טראַדיציאָנעלן ניגון.

אויפֿן וועג אַהיים זאָגט צו מיר ריווקין: דוכט זיך, די זעלביקע מענטשן, אָבער זיי זײַנען געווען ווי נײַ באַשאַפֿענע. האָסטו אָנגעקוקט דעם רוסישן ראַדיקאַלן אינטעליגענט, ל. מ. שטיין, ווי ער איז איבערגעשטאַלטיקט געוואָרן בײַם שבתדיקן טיש? די שבתדיקע שכינה האָט גערוט אויף אים. אין דער אמתן זײַנען זיי אַלע טיף אײַנגעוואָרצלט אין ייִדישן שטייגער.

יאָ, ל. מ. שטיין איז ניט נאָר בײַ זיך אין שטוב אַ יום־טובֿדיקער, אַ דערהויבענער, נאָר אויך בײַ זײַן אַרבעט, ווען ער פֿאַרנעמט זיך מיטן אַרויסגעבן אַ ייִדיש בוך. ער האַלט אַרום זיך אַן אַטמאָספֿער פֿון געהויבנקייט, שיינקייט און ליבשאַפֿט צו דער ייִדישער קולטור.

ווינטש איך אים נאָך אַ סך יום־טובֿדיקע יאָרן. זאָל ער זײַן געשטאַרקט!

---

# די לעצטע דרײַ יאָר

מ. גלייבערמאַן (מיאַמי)

צוזאַמען מיט אַלע חבֿרים און פֿרײַנד פֿון ל. מ. שטיין, וויל איך דאָ אויסדריקן מײַן האַרציקסטע באַגריסונג צו זײַן 70יאָריקן יובֿל.

שוין דרײַ יאָר ווי איך פֿיר אָן מיט די יערלעכע ייִוואָ־אַקציעס אין שיקאַגאָ און שוין דרײַ יאָר ווי איך באַוווּנדער די איבערגעגעבנקייט און פּינקטלעכקייט פֿון חבֿר ל. מ. שטיין.

ער קען גוט די 550 ייִוואָ־מיטגלידער אין שטאָט און ער איז אויסגעבונדן מיט די איבער אַכציק, בײַ וועמען ער מאָנט אויף די בײַשטײַערונגען. צו יעדן איינעם שיקט ער צו אַ בריוועלע מיט דער בקשה, אַז זיי זאָלן אַרײַנשיקן זייער מיטגלידס־אָפּצאָל, און די וואָס ענטפֿערן ניט דערמאָנט ער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. צו וועמען מען דאַרף קלינגט ער אָן און צו וועמען מען מוז — גייט ער.

ווי ענג עס זאָל ניט זײַן אין זײַן געשעפֿט, וועט ער שטענדיק געפֿינען אַ ווינקל — און אַ חשובֿן ווינקל — אַ טישל און אַ טעלעפֿאָן פֿאַרן ייִוואָ־פֿאָרשטייער. ווי פֿאַרנומען ער זאָל ניט זײַן, וועט ער זיך אָפּרײַסן פֿון זײַן אַרבעט, ווען מען דאַרף זיך מיט אים מישבֿ זײַן וועגן אַן ענין, און אַזעלכע זאַכן טרעפֿן אַ סך מאָל אין משך פֿון טאָג.

עס איז אַ פֿאַרגעניגן און אַ כּבֿוד אָנצופֿירן מיט דער ייִוואָ־אַקציע אין שיקאַגאָ, ווען מען האָט הינטער זיך אַ מענטשן ווי ל. מ. שטיין. זאָל ער נאָך זײַן אַקטיוו לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

